איטשע סלוצקי

# אינמיטן

## לידער

וואַרשע 1939

* * *

איך בין אויף דער שטויביקער וואַנט דער פּאָרטרעט
פון עפּעס אַ מענטש אומבאַקאַנטן מיט אַ שטומען געדאַנק;
און אָפּטמאָל בין איך אַט דער קוואַרער סקעלעט
אינעם בוך אַנאַטאָמישן, וואָס שטייט אין מיין שראַנק.

און כ׳בין אָפּטמאָל מיין שאָטן, וואָס גייט נאָך מיין גאַנג
און מאָלט מיך אויף ווענט אין משונהדיקע בילדער;
און אָפּטמאָל בין איך דאָס אומגעזעענע געשטאַלט
וואָס וואַקסט אויס אין אַ חלום אין אַ בריאה אַ ווילדער.

און אָפּטמאָל בין איך אַט די טויטע פיגור,
די סקולפּטירטע פון גיפּס דאָרט אין פּאַרק אינדערמיט;
און אָפּט בין איך גאָר אַט די קאַריקאַטור,
וואָס שטעלט פאָר אין אַ שאַרם אַ שלימזל, אַ ייד.

אַז אומעטום זע איך מיך נאַקעט אַרויס,
אין אַלץ בין אַ טייל און אַלץ איז אין מיר;
אין חרובע בורגן שטיי איך ווונדיק אַנטבלויזט
און אונטער פאַרמעקטע מצבות אַנאָנים דאָרט ליג איך.

אַז אומעטום זע איך מיך נאַקעט אַרויס,
אין אַלץ בין אַ טייל און אַלץ איז אין מיר;
אין יש — בין איך אין, און אין אַין — נישט אויס
און אויך מחוץ אַלעם — בין איך נישט אויסער זיך...

## *איך זינג ווי די זעג*

איך זינג, ווי די זעג אינעם בוים,
מיט שאַרפע ציין און מיט געבּרום;
כ׳צעשיט אין שטויב אַ יעדן טרוים,
וואָס איז געוואַקסן בּוימיש־פרום
אין דערנער־גאָרטן פון מיין לעבּן
און האָט קיין פרוכט מיר נישט געגעבּן.

און כ׳וועל אין די אייגענע סלאָיען פאַרגיין —
בּיז נישט ווערן געזען.
איך זינג, ווי די זעג און איך זעג זיך אַליין,
כ׳ווער נישט דאָס, וואָס געווען.

און אין אייגענעם זעגנגערויש —
זיך אַליין וועל דערהערן;
ס׳וועט מיין שם מיין פאַרקאָרעטער ווערן אַנטבּלויזט
און אַליין זיך פאַרשווערן.

# אָפּטמאָל קוש איך נאָך...

וועלפּעלען

אָפּטמאָל קוש איך נאָך די פּעדים פון לבנהשן זילבער,
ווי ס׳קושט די ציצית ביי קריאת־שמע אַ גלויביקער ייד;
אין פאַרבלאָזער פאַרבלענדעניש פאַרגייט אָפּט מיין בליק
און ס׳חלומט נאָך מיין אָוונט פון גילדערנעם גליק.

אין שקיעה פון טעג בלוטיק טריפט מיין געמיט
און איך כאַפּ נאָך התפעלות פון זונישן קומען;
איך שטיי נאָך פאַרגאַפט פאַרן מינדעסטן צוויט
און כ׳באַוווּנדער נאָך דעם וואַלד מיט זיין רוישן זיין פרומען.

און ס׳איז מיר טויזנטמאָל בעסער, ווען כ׳בין ווי אַ קינד,
וואָס זעט נאָך די וועלט אין איר קינדערשן שפּענצער;
ווי גוט איז צו זען זי אין אירע אורשפּרינגלעכע קרענצער
און תמימותדיק פאַרבליפּט זיין, ווי קינד און ווי רינד...

## פֿ אַ ר נ אַ כ ט

דער לעצטער שקיעה־גלאַנץ האָט אָפּגעדאַרט
אויף העכסטן צווייג פֿון מיין געמיט;
נאָר ערשטער שטערנפֿינקל פֿון דער נאַכט,
האָט באַלד אויף אים זיך ווייס צעבליט.

און ס׳איז בעסער מיר די זילבערשיין,
וואָס איז כאָטש קאַרג, נאָר גאַנץ און רונד,
איידער ס׳גאָלד, וואָס רינט ווי וויין
אין טייכן נאַכטישע אָן גרונט...

און גוט איז מיר, דעם מענטש, דעם בוים,
וואָס קאָן דערקלעטערן צום העכסטן שטאַנג,
ווו ס׳נעסטיקט נאָך ווען־ס׳איז אַ טרוים
אין ווילדער צווייגיקייט פֿונעם געדאַנק...

איך וועל שלייפן מיין פערז מיטן שאַרף פונעם פראָסט
און זעגן מיין וואָרט מיטן אייזיקן גלאָז;
און ווי די נאַקעטע ערד אַזוי פראָסט —
ברענען מיין ליד וועט אין פראָסט

און ווי אין אייזקעלער דאָס אייז אין דער טונקעלער קעלט —
אַזוי וועל איך מיין וואָרט באַהאַלטן אין קעל,
אַזוי זיין וועט מיין נאָמען פאַרשטעלט
פון זוניקער וועלט.

און אין טיפער פאַרשלאָסנקייט וועל איך פאַרגיין
מיט מיין פאַרהוילענעם מיין;
נאָר ווי דאָס אייז אין אייזקעלער וויל נישט צעגיין —
אַזוי וויל איך נישט פאַרגעסן ווערן אין זיך אַליין...

## *אויף ווייסע פאָרהאַנגען...*

אויף ווייסע פאָרהאַנגען
איז היינט דער טאָג אַ גאַנצן טאָג געהאַנגען,
מיט אַ פּנים ווי פון קרייד
מיט ליפּן בלוי ווי בּליי
און מיט אויגן־ווייסלעך קאָסנע,
אויסגעדרייטע
אויף אַ זייט...

נאָר אָונט־צו,
ווען לבנה אויסגעבויגטע
שניידט אַריינעט זיך אין פענסטער
אָט אַזוי אַ ווי אַ מעסער
אינעם פאָרהאַנג —
פאַלט אַראָפּעט טויטער טאָג אָט אַזוי ווי פון אַ תליה
מיט אַ פאַרגליווערטער גרימאַסע
פון אַ מת...

## מיר איז אומעטיק

מיר איז אומעטיק.
און פון מיין אומעט פלעכט איך קרענץ
צום טויטן מענטש,
וואָס האָט אַמאָל — ווי איך — געפונען ס׳גליק
אין פלעכטן קרענץ
צו גאָט און מענטש.

און דער מענטש האָט געהאַט פאַרשידענע נעמען
און פאַרשידענע ריד.
נאָר היינט איז ער טויט —
און טויט זיינע נעמען.

און פנימער אַ סך זענען ביים מענטש ווען געווען
און פיל הענט.
און אויגן קיינמאָל זעטיק פונעם זען —
און פאַרבלענדט.

און בלוט האָט דער מענטש געהאַט, זידיק בלוט.
און אַ האַרץ, וואָס מיט ליבע און לעבן ט׳געפיבערט;
און אַ מוח, וואָס האָט קיינמאָל נישט גערוט —
אויך אין די נעכט.

נאָר מיטאַמאָל איז דאָס בלוט אין אים געבליבן שטיין,
ווי דער פּולס פון אַ זייגער.
און ס'איז קיין שליסל נישט געווען אים אָנצודרייען
ווי אַן איינפאַכן זייגער —
(נאָר ווייַ איז געווען און געוויין),
איז פון זיין אידעלן פליש און געביין
געוואָרן אַ פשוטער פגר....

מיר איז אומעטיק.
און פון מיין אומעט גיסן זיך בריאיקע רייד,
וועגן לעבן און טויט,
ווי מיט טויזנט יאָר צוריק
(באַצויגן נאָר מיט נייע ווערטלעכע הויטן).
ווייל מענטש אויף זיך אַליין בכל דור ודור
און מענטש אויף זיך אַליין בכל יאָר ויאָר —
זוכט נייע לעבנס — און אויך נ יי ע ט ו י ט ן...

## זומער-אָוונט

די שוואַנגערע כמאַרע מיט רעגן
האָט זיך אַוועקגעטראָגן העט הינטער שטאָט;
לינדקייט ט׳זיך אַ שמיר געטון אויף וועגן
און אָפּגעפרישט מיין טראָט.

און אַרום ליגט דאָס בלוי פונעם אָוונט
און קושט זיך מיטן גרין פון די בייטן;
זשאַבעס מעריבן בציבור אין זומפּעדיקע ראָוון
און אויך אינזעקטן פון אַלע בייטנברייטן.

און כ׳שפּאַן אַליין בשלוהדיק אין בלוי און גרין צעזייטן
און שעפּ געזאַנג פון זאַנגען פון גראָז-און-ראָוונזינגער;
עס שפּרודלען פרישע לינדקייטן מיט זומערפרייד באַגלייט
און מונטער ווערט מיין האַרץ אַצינד, צערטלעכער און יונגער...

## כ׳וואַרט אויף אַ בריוו...

רחלען

כ׳וואַרט אויף אַ בריוו פון־דערווייט, אויף אַ בריוו פון דיין
אידעלער האַנט,
כאַטש איך ווייס, אַז דער טאָג איז אַוועק און די פּאָסט איז
שוין אויך געוויס צו;
ס׳האָט מסתמא פאַרפעלט דיר אַ וואָרט, אַזאַ גוטמוטיק טרייסט־
וואָרט פאַר מיר,
פאַר מיר און מיין עלנטן טאָג — די פאַרגעסענע שטיל ערגעץ־וווּ.

ס׳האָבן לעמפּלעך צעצינדן די שטאָט און לויפן אום אין
אין וויטרינעס ווי מיד,
אין גאַסן ווערט פולער ס׳געאייל, נאָר איך גיי מיט פּאַמעלעכע
טריט;
כ׳וועל מיין איינזאַמען טונקעלן צימער געוויס נישט פאַר־
שפּעטיקן היינט
און פון בוך און די טעגלעכע נייעס בין איך מיד, איבערמיד.

כ׳האָב אַ שעה און אויך מער איצטער פריי, זוכן רו מיינע
פיס איצט פון גיין,
נאָר כ׳וועל אויסגיין די גאַס און די שטאָט, אפשר ווייס עמעץ,
ווו איז אַ היים;
אין פּאַרק קלינגט טיף אָפּ אַ געלעכטער און אין מיר אַ פאַר־
האַלטן געוויין,
אַ שטאָט ווי אַ וואַלד אַ צערעדטער, נאָר איך איינער אַן
עלנטער בוים...

## דער ווינט האָט פאַרשנייט...

דער ווינט האָט פאַרשנייט מײַנע פענסטער די אויגן,
פאַרבלינדעט די שויבן.
שטייט מײַן צימער מיט בלינדקייט פאַרצויגן
קריידיק־בלייך און פאַרשעמט,
און טאַפּט ווי מיט פינגער מיט ווייסע די צעבויגענע
אייגענע ווענט —
און וויינט.
וויינט ווי איך שטילערהייט,
אָן טרערן און אָן רייד.

נעכטן האָבן מיר נאָך ביידע,
ביידע זעען געקאָנט:
אַ גאַס אַ צעוועקטע
דאָ
אונטן
אַנטקעגן —
אַ שטאָט אַ באַוועגטע
אין צעוויגענע וועגן
און אויבן אַ בלאָ איז געלעגן
און אונזער זעונג געבלענדט.

די שטומע ווערטער פאַרטרערטע פון די בלייכע ווענט אָפּער —
דאָס איז אויך מײַן טרויער צערעדטער.
און אין דער ווייסקייט דער בלינדער פון מײַנע פאַרבעלמעטע פענסטער
ליגט מײַן נאַקעט געזעענסטע טרער.

*כ׳בין נישט די ערשטע צייטיקייט...*

כ׳בין נישט די ערשטע צייטיקייט אין סנאָפּ פון דיינע יאָרן,
דערפאַר אָבער — איך ווייס — די לעצטע אין דיין שניט;
ביי מיר ביזטו די ערשטע,
די ערשטע אין מיין חלום,
צי אויך די לעצטע שוין — דאָס ווייס איך ניט. —

עס האָט דער וואַלד הינטער דער שטאָט פאַרנומען
אונזער שטילקייט,
וואָס האָט אין אונז אַריינגעקוואָלט אין ערשטקייט פון צוזאַמען;
ווו איז איצט דער וואַלד, און ווו מיין שטאָט
און ווו איז יענע שטילקייט,
דער בראשית פונעם שטייגן, די גרינע גרינגקייט פון די שטאַמען?

מיין שטאָט איז מיט די געסלעך ווייט אַוועק הינטערן שטאָט
און האָט די זון אַוועקגעטראָגן אויפן נאָקן צום אַלטן בית־
הקברות;
דער וואַלד איז זיך צעפאָרן,
געבליבן זענען נאָר די פּיעניעס
ווי דערינערונגען פאַרזעסענע פון אָפּגעלעבטע יאָרן.

*ווי אַן איינזאַמע ברעזע*

ס׳איז מיין מאַמע היינט פאַרבליבן ווי אַן איינזאַמע בערעזע,
ווען דער האַרבסט די בלעטלעך אירע איבער בלאָטיקייט
צעטראָגט;
ליגט דער עלנט ווי אַ קאַץ דאָרט ביי דער שוועל פון ווייטער היים,
און וואַרט, ס׳זאָל דורכלויפן ווי אַ מויז דער גרויער טרויע־
ריקער טאָג...

און אומעטיק און וויסט קוקט בלאַסע הויך אַראָפּ פאַררעגנט
און פייכטלעך בלאַנדזשען מאַמעס אויגן איבער שטעטלדיקן
דרויסן;
ווייס איך, אַז עס שאָקלט־צו די אַלטע ליפּע אירע שטאַמען
איר אַנטקעגן
און כליפּעט אין די צווייגן אויף מיין מאַמעס צער דעם גרויסן.

עס איז אַ לעבן ווי אַ בוים געוואַקסן און געבליט
און ס׳האָבן צווייגן זיך צענומען אין בלויען רחבותדיקן רוים;
איצטער קלאָגט דער ווינט און כריפּעט ווי אין וואַלד אַ סאָווע־ליד,
איצטער שטייט זי קוואַר און בידנע,איינזאַם ווי אין האַרבסט
אַ בוים...

נאָר אָפּטמאָל לייכט זיך דורך אַ פריידן אין אירע אויגן מיט אַ טרער,
אָפּטמאָל שטראַלט זיך דורך אַ האָפן אין איר האַרצן אין דער טיף;
און אין טונקעלע פאַרנאַכטן בעט זי אויס ביי גאָט אַ שטערן
און אַ טרייסט אין שטילן עלנט פון דער ווייט כאָטש גוטע בריוו...

## קום נישט נאָנט צו מיר...

I

איך בין אי חורבה, אי פעסטונג
אין אַ שאָטנדיקן הויף.
איך בין צו אויפשטייג נישט דערגאַנגען — און שוין פון יונג
אַרויס ווי פון אַ רייף.
און אַלע טאָג געפין איך און פאַרליר צוריק מיין זיבען
און אַלע טאָג, אַ טאָג ווערט קראַנק ביי מיר אינמיטנדרינען
און אַלע טאָג קאָנסטו ביי מיר
אי האַרטן לייב, אי ווונד געפינען.

און כ׳בין אי הער, אי לאָקיי ביי מיר אַליין,
וואָס טראָגט אַלץ מער אָבער אַרויס ווי אַריין
מיט פיבערדיקע טריט.
און כ׳בין סיי ציגל אין מיין ליימיקן זיין
און סיי אין אייגענעם געזיכט דער שטיין
וואָס ס׳וואַרפט מיר מיין געמיט.

II

קום נישט נאָענט־צו צו מיין מחיצה.
דער שטעג, וואָס פירט צו מיינע טעג
און דער גאַנג, וואָס ציט צו מיינע ד׳ איילן —
איז מיט בריעכצער באַזייט
און מיט אומהיימלעכער שרעק.
און ס׳וועט דיך באַנג טון, ווען אַנשטאָט אויסגעדאַכטע פרייד
וועסטו מיט מיינע ווייטאָקן זיך מוזן טיילן,
ווי מיט דער טוכלער תהומיקייט אין מיינע בלינדע היילן.

קום נישט נאָענט־צו צו מיין פאַרשלאָסנקייט.
איך האָב פאַר דיינע צערטלעכקייטן מער שוין נישט קיין זין.
ס׳האָט קלאָרקייט זיך פאַרביטן אין מבולבלע געדאַנקען
און מיין תמימות אויסגעזויגט האָט גיפטיקע וויסן־שפילן
און ס׳דאַכט מיר, אַז איך בין
שוין היינט אי ליבעלאָז, אי שנאהלאָז.
איז וועל איך פריינטשאַפט דיינע סיי־ווי־סיי נישט אָפּדאַנקען,
ווייל כ׳ווייס נישט צי איך קאָן
און כ׳ווייס נישט ווי
און כ׳ווייס אויך נישט מיט וואָס.

קום נישט נאָענט־צו צו מיר.
מיינע אויגן זענען פענסטער מיט געשפענסטיקע געמעלן,
מיינע ליפּן קראַנק־צעברענטע ווי צעקראַצטע מידע שוועלן
און דאָס מויל רעדט רייד מטושטשע און ווילדע ווי אַ סקריפּנ־
דיקע טיר.

און ס׳וועט דיך באַנג טון, ווען אַנשטאָט די פרייד
וועסטו דערזען: אַז דער וועג אין אונזער לעבן
גאָר אין פיינלעכקייט פאַרגייט...

## גרויער באָגין...

גרויער באָגין וויינט הינטער מיין פענסטער ווי אַ קינד,
וואָס האָט קיין טאַטן און קיין מאַמען נישט;
עס שפּילט זיך נאָר מיט זיינע לאָקן אַזאַ הפקרדיקער ווינט
און אויף זיינע ליפּן יאָמער בליט.

ווייל ס׳איז נישט גוט און נאָכמער טרויעריק צו זיין אַליין,
און ס׳איז נישט גוט, ווען ס׳איז נישטאָ פאַרוועמען
אויסוויינען אַ ליד;
די שטאָט, זי וועט דעם עלנט סיי־ווי דאָך קיינמאָל נישט פאַרשטיין,
גוט איז זי פאַר אַלעמען, נאָר נישט פאַר די
וואָס האָבן גאָרנישט־ניט.

מיר זענען איינזאַמע ווען ס׳רוישט אפילו ארום אונדז די גאַס
ביי טיר
און ווען אין פענסטער קריכט מענטשישע געריידעריי אפילו ווי
פרישער דופט;
נאָר כ׳וויס נישט פריינט, צי אויך דיר איז אומעטיק אזוי ווי מיר,
ווען יאָ — וואָלסטו דאָך שוין פון לאַנג צו מיר געקומען,
אפילו אָן אַ רוף.

האָסט מורא פאַר דער שטאָט, פאַר איר פרעמדקייט האָסטו שרעק
עס ליגט אויף דיר איר שאָטן ווי אַ דריקנדיקער שטיין;
דאָך קום, איך וואַרט דיר אָפּ, ווייל ס׳איז דאָך אומעטיק אַליין,
דאָך קום, דו וועסט פאַרטרייבן דעם עלנט פון די טעג.

## *אין זילבערנעם ווינט,*

בערג — בערג. און בערג איבער בערג.
און שניי־בערג אויף די בערג,
און שקיעה־רויט דעמערט אויף זיי,
פּאַרפּורפּורט דעם שניי
וואָס ליגט אויף די בערג.

לויפט דער צוג, ווי פּאַרצוקט, אין די בערג מיט אַ געוואַלד
טראַטאַטאַ טראַטאַטאַ אָטאָ באַלד איז אַ וואַלד;
און די דערשראָקענע בוימלעך פון פלוצלינגן רעש
לויפן אום שוין ארום ווי צעחושט איבעראַשט,
ווי זיי וואָלטן וועלן אַנטלויפן פון אייגענעם וואַלד.

דער צוג לויפט געשווינד,
און איך זיץ אינעם צוג
און קוק - צו. און קוק - צו,
ווי דער צוג לויפט געשווינד
אינעם זילבערנעם ווינט.

אָטאָ דררייט זיך אַ דאָרף אין אַ רונדן קאַדריל,
צום טראַטאָ פון די רעדער אין ריטמישן שפּיל;
קאָפּ אויף קאָפּ, שטוב אויף שטוב, איינס אין אַנדערנס קאַרק
ביז אַ טאָל שלינגט עס איין און ווערט געשוואָלן ווי אַ באַרג...

דער צוג לויפט געשווינד, לויפט געשווינד און גערדרייט,
טראַטאַטאַ, טראַטאַטאַ, אַטאַ באַלד זון פאַרגייט,
און נאָך ווייט און נאָך ווייט צו אַ היים, צו אַ ברעג,
און כ׳בין מיד און כ׳בין מיד מיט מיין וואָגלען אין וועג.

טראַטאַטאַ, טראַטאַטאַ, לויפט דער צוג מיט געשריי,
ס׳ווילן בערג אים דערווערגן, באַגראָבן אין שניי;
נאָר מעכאַנישער שלאַנג איז געשווינטער פון זיי,
פייפט זיי אָן און ציט אָפּ —
מיט פאַריסענעם קאָפּ...

### אויטאָפּאָרטרעט,

מיין דרויסן איז נאָך אַלץ כּמעט אַזוי־ווי ס׳איז געווען.
די זעלבע אומעטיקע אויגן מיטן אומזיכערן בליק,
די זעלבע דאַרקייט פונעם גוף און פונעם נאָז — די זעלבע לענג
און אויך די שוואַרצקייט פון די באַקנבערד אויף בלייכקייט
פונעם פּנים;
מיין דרויסן איז נאָך אַלץ כּמעט אַזוי־ווי ס׳איז געווען.

נאָר אָפּטמאָל ווערט מען פריקרע זיך אַליין אין אַ פאַרטאָג,
ווען דער טרויער ווי אַ טייג גייט זיך אויף טיף אין דער ברוסט;
און אין דורשטיקע פאַרנאַכטן, ווען עס וויל דער גוף אַ רו־טון,
ווערן נמאס אויך די לידער, אַלץ די זעלבע פונעם טרויער,
ווי די הינעראויגן בלויע, אויף מיין ביינערדיקן פּוס.

## *אין אומעטיקע טעג.*

איך בין דאָס אָנהויב גראָ
אינעם געוועב פון דיינע האָר;
און איבער דיין בעט דער וואָנטזייגער,
וואָס ציילט אויף זיינע פינגער
דעם סכום פון דיינע יאָר.

און כ׳בין דער שפּיגל אויף דיין טואַליעט־טיש,
וועלכן דו טוסט אַמאָל אַ פרעג
אין אומעטיקע טעג:
„צי כ׳בין נאָך יונג און פריש?"

און כ׳בין דאָס בוך אין אונזער שראַנק,
וועלכן דו טוסט אַמאָל אַ בלעטער אין אַ ווינטערנאַכט,
ווען ס׳טוט דיך עפּעס באַנג;
און כ׳בין דער אַלבאָם צווישן דיינע זאַכן,
וואָס פירט אַדורך ווי אין אַ פילם אונזערע טעג,
וואָס זענען אומעטיק אַוועק.

און כ׳בין די קישן אויף דיין ווייסן בעט
אויף וועלכער דו צעכליפּעסט זיך אַמאָל
(ווען קיינער־נישט זעט) —
מיט אַזאַ קינדערישן קול...

## צו מיינע לידער נישט געשריבענע...

איך שרייב אַ ליד צו מיינע לידער נישט־געשריבענע.
צו די, וואָס ליגן נאָך אין גליווערדיקער רויקייט פונעם אַין
ווי פון געדאַנקענגאַנג — אַ נישט־אַרויסגעשיילטער רעיון.

ווי גוט עס איז דאָס וואָרט, וואָס איז נאָך נישט אַרויסגערעדט,
און וואַקסט, צעוואַקסט זיך אין די בייטן פונעם שווייגן,
ווי דער קערן פונעם קאָרן אינעם פעלד.
מאָרגן קאָן זיין וועט די זון אַרויסקריכן
פון צווישן די פאַרוויכערטע פאַרשנייטע הויכן,
און די זריעה,
און דאָס וואָרט,
וועלן אויפגיין אין צעבליטער שיינקייט
פון אַן אַנזיכטיקן יש.
מאָרגן קאָן זיין וועט אַ וויי טון מיט דערפרישנדער צעגליונג
פון אַ זיסן ניסן־איירדיקן שטייגן אין צעבליונג.

ווי גוט עס איז דעם קערן,
אָפּצווינטערן דעם יערנדיקן ו ו ע ר ן
אין רויקייט פונעם תּוך פון אייגענעם
אונטער דער ערד;
און ווי נאָך פילחדשימדיקן שלאָף, דער בער —
וואַרטן, זיך דערוואַרטן,
אויף דערוואַכונג.

## סיי־ווי־סיי.

סיי־ווי־סיי וועט מיר גאַרנישט־נישט בלייבן,
קיין רעשט,
פונעם לעבן
צעשטויבטן
אויף קליינינקע פרוטות;
סיי־ווי־סיי וועט די פולקייט צערינען,
אין פוסטקייט
פון אייגענעם ווינט...

עס פאַלן אַוועק מיינע ווערטער,
ווי בלעטער,
פאַרגעלבטע,
אין האַרבסטיקער בלאָטע
פון געסלעך נאָך נישט קיין ברוקירטע,
מיט הערצלעך
צעלעכערט,
פון זון צי פון ווערים פון זלידנע,
און מיט אָדערלעך־אותיות קליינע
צעטרענטע,
ווי שפינוועבס ווי דינע
איבער ווינטיקן הפקר...

און ס׳וועט קיינעם נישט וועקן,
דער רויש
פון אַ קופּע צעפּאַלענע בלעטער
פון שטילע,
אין שטורם פון גאַסן,
און ס׳וועט קיינעם נישט שרעקן
צי זיי וועלן אַפילו
אין טרויעריקער שטילקייט
פאַרשווינדן — — — —
סיי־ווי וועט דער פראָסט נאָך דערפרעסן
אַפילו די אברים־צווייגן
פונעם נאַקעטן בוים,
און ווייסקייט ט׳סיי־ווי נאָך מיין וועזן
דערטרינקען
אין גסיסה,
פון אַ ל אַ נ ג ז אַ מ ע ן
אייביקן שווייגן — — — —

## מיין טאַטן אין ברוקלין...

ווי בלעטער פון אַ בוך אין טאָוולען אויסגעריבן גרויע
זענען אויפגעמישט פאַר מיר זיינע 63 יאָר;
און עס איז אַיעדע שורה פול מיט איינגעהאַלטענעם טרויער
און מיט איינגעזאַפּטן שוויגן פון אַ גאַנצן דור.

נאָר ס׳רעדט פון יעדן וואָרט זיינעם — אַ צערפּולע וואָך
און אַ פיינלעכער מעת־לעת — פון אַיעדן, יעדן אות;
אַז זינט זיין 12־טן יאָר נאָך, געגאַנגען איז ער שוין אין יאָך,
דעם שווערן עול געשלעפּט אויף זיך און קיינמאָל נישט
געפרעגט „פאַרוואָס?” — — —

און פון לאַכווע־מיקאַשעוויטש און פון מינסק ביז העט כאַרבין,
דער פיין געשלעפּט האָט זיך נאָך אים, ווי אַ טונקל־שטומער שאָטן;
געוואַנדערט האָט ער ווי אַ פויגל אָן אַ נעסט אָן אַ וווהין,
פון לאַנד צו לאַנד און פון שטאָט צו שטאָט...

איצט שרייב איך אים אַ ליד, אַ ליד פון זיבן טויזנט וויאָרסט,
מיט שטורעם פון אַ ים מיט אויפגייין און פאַרגיין;
איך שטיי ביי זיינע ברעגן און כ׳וויל אויפכאַפּן אַ שאָרך
אַ שאָרך פון זיינע בלעטער, וואָס לייענען זיך אַליין — — —

דאַנציק — 1936.

## אַ שיף איז אַוועק...

אַ שיף איז אַוועק
פונעם הויכן, בעטאָנענעם ברעג;
דעם שטורעם אַנטקעגן,
דער נאַכט אַנטקעגן,
דער ווייטקייט אַנטקעגן...

און דעמער ווערגט זיך מיט דער נאַכט —
כאַטש קאָרמע אים מיט אַ פאַנאַר;
און רייך זיך ממיתט אַזוי לאַנג מיט ווילדן ווינט —
ביז ער פאַרשווינדט,
אין ווילדן ווינט.

און, אַז דער רויך אין אים פאַרשווינדט —
שלאָגט ער זיך,
אַליין מיט זיך...

און ווייטן — דאַכט זיך — אַז זיי ווערן צוגענענטערט
צו דעם שווימענדיקן טורעם.
נאָר אין דער נאָענטקייט דערנענטערטער —
אַלץ מער די נאָענטקייט ד ע ר וו יי ט ע ר ט ווערט
אין נאַכט און אינעם שטורעם...

און ים — ווי ים — איז אָפן און פֿאַרחתמעט,
פֿאַרחתמעט און אויך אָפן
אין זיין אויבערפלאַך.
פון אים רעדט בלויע שפּראַך
אַרויס און אויך אַריין,
בינדונג געבונדענע מיט שיידונג,
פּראַכט געפּאָרט מיט אורגעפאַר....

אַ שיף איז אַוועק
פונעם בעטאָנענעם ברעג —
דעם שטורעם אַנטקעגן,
דער נאַכט אַנטקעגן,
דער ווייטקייט אַנטקעגן...

## *איך לאָז זיך אַוועק...*

אין עס־זאַל אין ברייטן פון שיף
זענען געמעלער פון שטעט אין די ווענט
איינגעקריצט טיף.
אָט האָב איך דערקענט
די שטאָט פון מיין געגנט.
איך לאָז זיך אַוועק מיטן „שמערד״ *)
איבער קראַנקהאַפטער ערד
פון מיין געגנט
און פאַל אינעם „פריפּעטש״ אַריין,
און מיטן „קייזערלעכן קאַנאַל״ דערנאָך אינעם „בוג״
און מיטן בוג אין דער ווייסל
און מיט דער ווייסל
אין שטורמיקן באַלטיק.

און וווהין,
וועט מיך ציען
דער דאָזיקער שטעג —
אין די קומענדע טעג ?

---

*) טייכל אויף פּאָלעסיע.

# גרויסשטאָט ניו־יאָרק!

גרויסשטאָט ניו־יאָרק!
ביי דיינע גיגאַנטישע ברעגן
ליג איך אַ וואַנדערער מידער
צעבראָכן, אַנטקעגן;
און איך זינג און איך זינג מיט אַן אייגענעם גראַם:
„אויפן בוזים פון ים".

פון לענדער געטריבן, פאַרצערט
און פאַרפייניקט,
ליג איך און וואַרט
נאַכט און טאָג טאָג און נאַכט
אויף דיין
„ביטע אַריין".

נאָר דו ביזט טויב צו מיין יאָמערגעשריי
דו שטאָט פון מילאָנען!
וואָס גייט עס דיר אָן,
וואס איינער אַ מילבל פאַרגייט
אין זיין וויי
הינטער דיין בונטן בעטאָן! — — — — —

## איך בין אין ערגעץ נישט...

איך בין נישטאָ —
אויך ווו איך בין;
איך בין נישט איך —
מחוץ און אין.

מיין טאָג הויבט זיך נישט אָן —
מיטן פאַרטאָג;
מיין טאָג לאָזט זיך נישט אויס —
מיט אָוונטקום.
עס טרעפט:
ס׳פאַלט־צו דער אָוונט
צו
מיין
טראָט —
ביי אָנהויב שטאָט,
ביי אָנהויב טאָג.

און פאַרשטאָט איז דאָך ערב שטאָט,
און נאָך דער שטאָט קומט נאָך אַ שטאָט
אַלץ פרעמדער,
אומפאַרשעמטער...
און אָוונט איז דאָך ערב נאַכט,
און נאָך דער נאַכט קומט נאָך אַ נאַכט,
אַלץ לאַנגער
און אַלץ באַנגער...

ווייל כ׳האָב נישט קיין באַשטימטע שעה
און כ׳האָב נישט קיין געניִיעם אָרט.
כ׳בין אינעם מינדסטן קערן
אונטער גרודעס ערד
און אָפּטמאָל אינעם העכסטן שטערן
איבער מיין אייגענעם שטערן.

ווייל כ׳ווייס נישט, ווו און וואָס איז ערגעץ,
ווי כ׳ווייס נישט ווו
און ווער
און וואָס —
אַליין איך בין.

## די בוכטע טרינקט זיך.

די בוכטע טרינקט זיך אין דער נאַכט,
טרינקט זיך און פאַרזינקט
און ס׳גאָרגלט זיך דאָס וואַסער אין איר ברייטן מויל —
מיט אַ פינסטערדיקן גרויל.

נאָר מיר דאַכט,
אַז זי זינגט...
זינקט און זינגט אין דער נאַכט
און איז זיך מתחתן מיט דער נאַכט,
אויף אַ גאַנצענער נאַכט,
ביז סאַמע העל.
און עס דאַכט, אַז זי לאַכט —
פון דער גאַנצענער וועלט.

נאָר אַז ס׳איז טאָג געוואָרן, טאָג אַרום אַרום —
ביים ברעג אַ מענטש האָט מען געפונען: טויט.
פון האַלז אַ פלעשל האָט אַפּערגעווונקען שטום.
נאָר פון זיין אויפגעפּראַפּטן קליינעם מויל
געצויגן ווערטער האָט מען (ווי קליינע שוואַרצע שלענגלעך):
וועגן נייט,

דעפּאָרטאַציע און וועגן גרויל. —
און... „דאָס זענען די סיבות פון מיין טויט".
און אַ בקשה נאָך צולעצט: פון „קבר ישראל"...

די בוכטע האָט זיך אַנגעטרונקען מיט דער נאַכט
און אַ מענטש האָט — מיט דער בוכטע.
און ביידן אויסגעמייקעט האָט פאַרטאָג די בוכטע.

## *אין בלענדיקער צעשטראַלונג.*

אין בלענדיקער צעשטראַלונג פון שטאָטישער עלעקטריע
מיין ליד זיך האָט פאַרקלעמט ווי אין בריענדיקע דראָטן;
זיין ערשטע סטראָפע וועגן „שטערן" איז אויגנבליקלעך
באַלד צעקראָכן
און די צווייטע פון „לבנה" — זיך פאַרשטעקט האָט ווי אַ שאָטן...

אין אַעראָס, צוגן, אויטאָס און אין דאַמף פון טראַנסאַטלאַנטיקס
עס האָט מיין ליד געפיבערט ווי אין אַ שטורמדיקן ווינט;
זיין ערשטע סטראָפע וועגן „סטעזשקעס" זיך פאַרשטעקט האָט
אינעם שטויב
און די צווייטע פון די „טייכלעך" זיך פאַרשעמט האָט ווי אַ קינד...

אין די שטעט און אין די לענדער, אינעם וואַנדער, אינעם וואָגל,
מיין ליד זיך האָט פאַרוואונדעט ווי אין אַ מאָוימדיקער שלאַכט;
זיין ערשטע סטראָפע וועגן „רויזן" איז פאַרבלוטיקט באַלד געוואָרן
און די צווייטע פון „חלומות" — זיך דערשטיקט האָט אין
דער נאַכט...

*זאָל זיין...*

זאָל זיין, אַז ס׳וועט שוין גאָרנישט וואַקסן מער אין גאָרטן
פון מיין לעבן,
זאָל אויך זיין אַפילו, אַז ס׳וועט אַראָפּפאַלן דער לעצטער שטערן
פון מיין בלויקייט אויף דער ערד.
מיר האָט סיי־ווי דער טאָג דאָך גאָרנישט־נישט געגעבן,
מיר האָט אָונטיקע פרייד אויך וויניק־וואָס געהערט.

איך בין די שוועל, וואָס ליגט צווישן בן־השמשותדיקע טירן,
איבער מיין נאַקן קרייצן זיך אַדורך די טריט פון שאָטן און
פון ליכט:
כ׳בין צוגעשמידט צום לעבן און אָטעם בלויז זיין שטויב אַרייך,
איך לאָז זיך טרעטן פון זיין שטיוול און כ׳פאַרשטום אין
זיך מיין פּיין.

נאָר אָפט פאַרגייט אַ ווייטיק אין די שפּאַרעס פון מיין גלויבן
און אָפּטמאָל גיט אַ סקריפּ אָן איבער מיט געשריי צענויפגעפּרעסט;
איך וועל פאַרשווינדן מיט דער צייט אין גרויקייט פון זיין שטויב
ס׳וועט אָבער בלייבן אויך אַ שפּור נאָך מיין אוועקגיין, אַ שפּור
פון מיין געוועזן...

כליפּע, כליפּע „דע־מינאָר" פון מיין ציטערדיקער פידל,
עס פלאָנטערט זיך אין דיינע אָדערן אַן אויסגעבלוטיקט ליד;
איך וועל פאַרגיין אין דיינע טענער, ווי ס׳פאַרגייט אַ קינד
אין זיין געוויין,
עס וועט סיי־ווי מיך קיינער נישט דערמאָנען נאָך מיין אַנט־
גילטיקן פאַרגיין...

## גוטע מאַמע, גוטע מאַמע...

גוטע מאַמע, גוטע מאַמע, כ׳האָב אין וויטן הײַנט געזען דיך,
ביזט געשטאַנען מיט דײַן סידור און געבעטן פאַר אונז יעדן,
איבער וויטן, איבער ימען האָט דערטראָגן זיך דײַן תפילה,
און ווי נחס טויב די בלויע מיר געבראַכט האָט זי אַ בלעטל...

האָב איך אויסגעלייגט זי אויף מײַן האַרצן און מײַן ליד אויף
איר געשריבן
פון מײַן עלנט, פון מײַן אומעט אין באַגינענס און אין נעכט;
פון מײַן לעבן נישט-געלעבטן איז מיר ווייניק-וואָס געבליבן
אינעם מבול פון די מענטשן בין איך נאָר אַן איינציקע טרער...

און נאָך און נאָך וואָלט איך געשריבן, נאָר דו וואָלסט וויינען
דאָך מסתמא,
ווען איך זאָל דיר אַלץ דערציילן, פון מײַן צער אין נעכט
אין שטילע,
איבער וויטן איבער ימען קומט מײַן ליד צו דיר מײַן מאַמע
און זי קושט דײַן אַלטן סידור, וועבט אַרײַן זיך אין דײַן תפילה...

עליס-אײַלאַנד, נאָוועמבער 1938.

## פשוט ווי דער טאָג...

פשוט ווי דער טאָג — פאַרגייט די בענקשאַפט פון געמיט
און איבער נאַכט זי וואַקסט נאָך גרעסער אויס און ווידער
קומט זי אָן;
אין האַרץ פון דיכטער ווערט געבוירן נאָך און נאָך אַ ליד,
אַזויפיל לידער, אַזויפיל ווערטער — מיטן זעלבן, לירע־טאָן...

אין שטעט — מאַשינען זינגען אויף די הויפן טעמפּ און גרילצנדיק
און אויף די גאַסן ברילן רעדער — טעמפּאָ שרייט,
אין שוואַרצע קאָטלעס זינגט דער גלוט פון הייסן קאָכעדיקן דאַמף,
אויטאָבאָנען זינגען אויס דעם נייעסטן שלאָג־וואָרט פון
דער צייט...

אויף די פעלדער בליען טשוועקעס, וואַקסן רעלסן אומעטום
און אַרומגעלופעטע סלופעס פונעם טעלעפאָן;
אין פאַרקן קייכט דער האַרבסט אין שווינדזיכטיקן קליאָן,
אַ הונט זיך ליידיקט אויס אויף לעצטן סאַמעטענעם בלום....

איז ווער־זשע, ווער־זשע זאָג, קאָן זינגען ווי אַמאָל
און ווער קאָן מעשהלעך דערציילן, דערציילן און פאַרוויגן;
די גרויסע יאָגט דער וואָגן באַרג־אַראָפּ אין טיפן טאָל
און די קליינע זענען מער קיין קינדער נישט, וואָס וויינען
פון אַ ליגן..

דער וויי פון גרויער וואָר ליגט אויף יעדן מענטש, אויף יעדן פליק,
אויף רוישנדיקער גאַס און ווייסטן ראָג;
אין האַרץ פון דיכטער ווערט געבוירן נאָך און נאָך אַ שטיין
און ס׳פאַרגייט זיין בענקשאַפט פון געמיט — פשוט ווי דער
טאָג — — —

## האָט זיך דער טאָג אָוועקגעלאָזט...

האָט זיך דער טאָג אַוועקגעלאָזט ווי אַ יונגער פערד אין שפּאַן
און מענטש געיאָגט ווי אַ מאַשין — מיט אים איבער דער שטאָט;
עס רייסט דער ווינט מיט פינגער שפּיציקע די אויערן פון טאָג
און ס׳ריטשעט אַכצנגראַדיקער פראָסט אונטער זיין איילּיק־
שווערן טראָט.

עס איז דער שניי אין סאַמע הויך, דעצעמבער סאַמע מיט
און דאָך, עס ברייט עפּעס אין לייב, עס ציפּט עפּעס און גליט;
אין קובאַ אַ רעוואָלוציע, אין כינע גיסט זיך בלוט,
אין שפּאַניען ברענט די ערד, דער ים שוין אויכעט זידט — — —

נאָר אָט פאַרגייט דער טאָג, די צייטונגען שוין לערע,
פאַרשוווּנדן זענען ווערטער צעגרילצטע איבער שטעט;
ביי „אופאַ" שטייען רייען: עס רופט דאָך אַ פּרעמיערע,
ווי גאָרנישט־נישט געוועזן, ווי גאָרנישט־נישט געשעט...

## צו מײַן װאָרט

— גײ!
טראָג אַרױס צו די געסלעך מײַן גרוס
מײַן גרוס און געשרײ,
און גיב איבער דער שװאַרצער, דער ערדענער מאַמען, —
אַז כ׳גײ דאָ אױס,
אַז כ׳גײ אױס שטילערהײט
מיט אַלע לאַמטערנעס צוזאַמען,
אָן ברױט און אָן פרײד.

טראָג אַרױס מײַן װאָרט,
מײַן װאָרט אױף דער גאַס;
און דערצײל, אַז איך זינג —
ס׳געזאַנג פון משוגעת.

## *אין די אונטערפּאָדלאָגישע גריבער...*

אין די אונטערפּאָדלאָגישע גריבער
פון שטעטישע שטיבער,
קריכט דער טאָג שפּעטער אַריין ווי אומעטום
און שלייכט זיך פיל פריער פון דאָרטן אַרויס
ווי אַ קאַץ אַזוי פרום...

פונדעסטוועגן שלאָפן נאָך דאָרט קליינע וויגן
ביים טיר;
פונדעסטוועגן פויזען צעשטשירבעטע שטיגן
נאָך אַלץ אויף די אַלענקע פיר
אָט ווי קינדער וואָס ווילן אַרויס צו דער ליכטיקער שיין
און קאָנען נישט, קאָנען נישט;
פונדעסטוועגן זשומען אויס פליגן
אָט דעם ראַציקן ניגון
פון זייער איבלדיק ליד; —
און פונדעסטוועגן, פונדעסטוועגן שפּילן זיך די טונקעלע ווענט
נאָך אַלץ מיט די שאָטנס פון קליינינטשקע הענט...

וואָלט עמעצער געמיינט, אַז די, וואָס וווינען נאָך אונטער די טרעפּ
זענען צופרידענע מיט זייער טאָג,
און מיט דער שטיינערנער שטאָט
וואָס ליגט ווי אַ הויקער אויף זייערע קעפּ;
וואָלט עמעצער געמיינט,
אַז די אָנגעשוואָלענע ציגל פון די פאַרקאַלכטע ווענט
זענען צופרידענע מיט די, וואָס וווינען צווישן זיי אין דער שטוב
און מיטן פייכטן צעמענט,
וואָס ליגט ווי אַ קרעץ אויף זייערע רוקנס אַרום און אַרום — — — —

נאָר וואָס קאָנען זאָגן שטיינער פאַרלייגטע מיט מענטשישע נויט
און וואָס קאָנען טון מענטשן פאַרלייגטע מיט שטיינער.
בעת פון איעדער אָפענער שפּאַרע לויערט אַנטקעגן נאָר איינער:
מעמענטאָ, **דער טויט?**

## אַנאַכראָניזם...

מיר ווועלן סיי־ווי נישט דערשנאַפּן דעם בלוי פון די טעג,
אָט דעם בלוי, וואָס צעשפּילט זיך אין אויר;
מיר זענען די שטאַמען צעפּוילטסטע פון אַלע צעפּוילטע,
אין אונז ליגט די רויטקייט פון זשאַווער...

אינעם שפּיל פון די מעכטיקע כּחות מיר זענען צו וואָס היינט
גענליכן —
מיר די ווייטסטע פון אַלענקע ווינטן, מיר די וויסטסטע פון
אַלענקע ווייטן?
מיר זענען דער קלאָס אינעם דרעשן, דער שטויב פון אַ ווירבל־
דיק וויכער,
דער מיאוסטער אַנאַכראָניזם, דער טעות פון אַלענקע צייטן;

אַ דונער גיט ערגעץ אַ זעץ — איז גאָר אַ גראַנאַט אַ צעפּלאַצטער,
אַ נעפּל אין גרויען פרימאָרגן — שוועבנדער גאַז איבער לאַנד,
דער צייכן פון גאָט קעגן מבול — אַן אָפּגלאַנץ פון ברענענדער ערד
אַ פויגל פליט דורך איבער דעכער — אַ נייעסטער טיפּ אַעראָפּלאַן...

ווייל אין אונז ליגט דער ליגן פון זיין און אין אונז ליגט דער
שקר פון ווערן,
אָט דער טעות, וואָס דאַרבט אינעם שאַפן, אָט דער שקר, וואָס
נאַרט זיך אַליין;
לבנה איז מער קיין פּאָעזיע און פ ו נ ק ע ן זענען גאָלדענע שטערן,
אין אונז ליגט די שקיעה פון וועלטן, אין אונז ליגט דער
ב ר א ש י ת פ אַ ר ג יי ן...

## *אַ גאַס האָט אַוועקגעאײלט...*

אַ גאַס האָט אַוועקגעאײלט אין שטאָט אַרײַן,
מיט פּראָסטעדיקע טריט פון מיטנטבתדיקער נאַכט —
אין באַגינענדיקער ווײסקײט.
נאָר אויף אַ ראָג האָט איר אַ צײַטונגס־קיאָסק פאַרהאַלטן
אויף אַ ווײל:
סטאָפּ גאַס!!!
עס פלאַטערט שפּאַנונג איבער רויקײט פון דײַנע דרימלענ־
דיקע בלעכן
ווי אַ פאָן;
און בלוטיק איז די שרעק,
וואָס פּאָכעט איבער קאָפּ פון ווײסן טאָג דײַנעם
ווי אַ ווינט....
עס שרײַען ווערטער אויפגעעפנטע ווי מײַלער גיריקע פון וועלף
אין ווינטער־צײַט,
אויף הוילן סטעפּ;
און אימהדיק איז יעדער גרוס, וואָס שרײַט אַרויס פון צײַטונגס־קעפּ
ווי פון אַ ווויענדיקן הונט אין דאָרף
בעת אַ פּלוצנדיקער שרפה — — —

נאָר גאַסן האָבן נישט קײן אויערן,
נאָר אויגן טויזנטער,
וואָס זוכן ברויט;
נאָר גאַסן האָבן נישט קײן שרעק שוין מער
פאַר דראָענדיקן גרויל
סײַ ווי וועט בלויער שוים פאַרלויפן אויפן מויל
פון הונגער־טויט...

*הירש העלמוט*

זיי האָבן דיך געפאַנגען אינעם נעץ ווי אַ צאַפּלדיקן פיש,
וואָס איז געשוווּמען שטיל געלאַסן ביי דעם ברעג;
אָפּן און ביייטאָג האָט מען געליימט די הענט דיינע, די פיס,
אָפּן און ביייטאָג האָט מען נישט־אויסגעלעבטן לעבן דיינעם
אָפּגערוימט פון וועג...

ס׳האָט דאָך געפרווט דיין „פאָטערלאַנד״ זיך ווענדן נאָך גנאָד,
אַן אָפּגעריסן שטיקל קול האָט פון דער ווייט אַ פרעג געטון:
„פאַרוואָס?״
צו דיין קאַמער פלעגט די שטים זיך צוגראַבן ווי אַ קראָט
און פלעגט ווויען גלייך מיט דיר דערנאָך, הינטערן תּפיסהדיקן
שלאָס...

גערעכטיקייט? ווער האָט עס אויסגעטראַכט אַזאַ מין וואָרט
און וועמען אַרט עס, טוט עס ווײ, אַז נ־אַ־ך אַ מענטש־אַ־טאָג
פאַרגייט;
אויף אַ מאַמעס אַלטן קאָפּ נאָר גרויער ווערן האָר,
אַ מאַמע, נאָר אַ מאַמע מאָנט און כליפּעט שטילערהייט; —

ווי לאַנג נאָך וועט אין פיבערדיקער שרעק דער מענטש נאָך
שוידערן אַזוי,
ווי לאַנג נאָך וועט אויף פענער פלאַטערן דאָס מערדערלעכע
וואָרט? —
צי וועט פאַרקילט ווערן אין שטומער ערד דערשטיקטער
מענטשלעכער געשריי,
צי וועט פאַרגעסן ווערן — אָט דער נייער סאַקאָ־ און
וואַנצעטי־מאָרד?!...

הידרא...

דער טייוול ווייסט, ווער האָט דיין נאָמען אויסגעטראַכט און
דיין געשטאַלט,
ווער האָט אין פיבערדיקער נאַכט דערזען דיך, אין דיין פייער־
דיקער הויט;
דו ביזט טייוולאָניש אויסגעוואָקסן אין רינגען פון דיין ביינער־
דיקער לענג,
אין דיינע ברענענדיקע צינגער ליגט דער גיפט פון טויט...

עס האָט לעגענדע דיר געגעבן קראַפט און בייזן גייסט,
די שרעק פאַנטאַסטישע פון וואַלד, דעם סינאָנים פון מאַכט;
דיין אָנקום טראָגט זיך אָן מיט דונערדיקן רויש
און ס'טונקלט זיך דער טאָג און ס'צינדט זיך קאַלטע נאַכט...

נאָר ס'האָט דיך מענטש אוןווירקלעכקייט אויף פליגל הײנט
געגעבן,
געקאָוועטע מיט פלאַם, געהעמערטע מיט גלוט;
מען האָט געגעבן פאָרעם דיר, קאָנסטרוקציע און דערבויט דיר
מיט אַ פלאַן,
אויסגעפורעמט פון לעגענדע — אין ממש פלייש און בלוט — — —

איצט ביזטו שוין די שרעק, נישט־נאָר פון ווילדן וואַלד,
נישט־נאָר פון קליינע וויגן און טובולצישער נאַיוויטעט;
דיין אָנטראָג שוידערט־אויף אויך די פייגל שוין פון הימל,
דעם וויסטסטן טויטן פעלד, ווי די ציוויליזירטע שטעט....

איצט טראָגסטו די פאַרניכטונג ווי אַ צירונג אויף דיינע קעפּ; —
די געלאָדענע מיט בליי, מיט גליענדיקן שרויט,
דו ביזט טייוולאָניש אויסגעוואַקסן אין דיין ריזיק־שטאָלענער לענג
און דיינע גיפטנדיקע צינגער שפּייען פייערדיקן טויט! — — —

## איך קום פון שטאָט און שטעטל...

איך קום פון שטאָט און פון שטעטל,
פון גאַס און פון געסל,
און פון אַ צעוואָרפענער נעסט
וואָס שוין אייניקע צווייגעלעך נאָר,
וואָס שוין אייניקע פעדערלעך נאָר
און אייניקע, אייניקע שטרויעלעך
זיך האַלטן נאָך קוים אויף אַ האָר
אויף גאָטס און די ווינטנס בּאַראָט.

אַזוי הענגען די טעג און די יאָרן
פון אונזערע טאַטעס,
אַזוי
הענגען
די חלומות און האָפנונגען
פון אונזערע פאַרעלטערטע מאַמעס.

איך קום פון שטאָט און פון שטעטל
פון גאָס און געסל
און פון אַ צעוואָרפענער היים.
מיין פאַרוואָגלטע היים איז די גאַס און דאָס געסל
איז די שטאָט און דאָס שטעטל
איז דאָס גאַנצענע לאַנד,
איז די גאַנצענע וועלט מיטאַנאַנד.

איז וואו־זשע זאָל איך זיך אַהינטון, וואו

אפשר אין צעשניטענעם לאַנד, וואָס האָט געזאָלט זיין מיין היים?

אפשר אין דער צעטראָגענער שטאָט, וואָס האָט געזאָלט זיין מיין נעסט?

אפשר אין דער צעשפּליטערטער גאַס, וואָס האָט געזאָלט זיין מיין רו?

זאָג, וואו זאָל איך מיך אַהינטון, וואו!? — — — —

## שטאָטישער ווינטער

אויף פייכטע טראָטואַרן ליגט שטאָטישער ווינטער
און איז מקנא זיינע קינדער,
(די שנייען און קעלט), —
וואָס זענען געפאַלן אין פעלד.

און כאָטש אין הונדערטער שטיבער
שלאָפט זיין פראָסט אומגעשטערט —
איז אים פונדעסטוועגן ליבער,
אויף נאַקעטער ערד...

און כאָטש פון טויזנטער שויבן
קוקט אַראָפּ זיין ווייסער ראָסט;
איז אָבער שענער און דערהויבן —
אויף אייזיקן גלאָז...

און כאָטש זינגער
באַזינגען אים מילד,
וואָלט ער ליבערשט און גרינגער
אויף פעלד פייפן ווילד...

## כליפּע ליפּע אין די צווייגן

כליפּע ליפּע אין די צווייגן,
קוואַקע ביטער אין די ריטער;
ס'שטאַרבן בלעטער אינעם שווייגן
און די ריטער — אין געוויטער...

אַלע פייגל פון די נעסטן
שוין צעפלויגן ווי פון פעסטן;
און די שטאַמען די סקעלעטן
שטייען עלנט ווי פּאָעטן

ווינטן, ווינטן יאָגן ווינטן,
אָט פון פאָרנט אָט פון הינטן;
און די פלויטן אויסגעבויגן
שטעכן שטערן אויס די אויגן...

און אויף בלאָטעדיקע וועגן
ראַציק סקריפּען אַלטע וועגן,
שטיוול כלאַפּטשען־אום אין רעגן
פון פּרנסה־וועגן...

## די אומהיימלעכקייט שלאָגט אַרויס

די אומהיימלעכקייט שלאָגט אַרויס אַפילו פון מיין היים.
און פרעמדקייט דאָרט באַוואַקסט מיין קרובישקייט צו איר —
ווי גראָז אַ נישט באַטראָטן אָרט.
ס'האָט מיין שטעטל אויסגעהאָדעוועט אין מיר
אַ שנאה צו איר ליבשאַפט,
ווייל אין אירע בראָזדעס איז מיין לעבן ווען געבוירן
און אויך געשטאָרבן דאָרט.

אויף די ווענט נאָך קלעטערן דאָרט אַלץ די אַלטע קעץ
און טראָגן די יללה אין די ציין ווי אַ צאַפּלדיקע מויז;
אויף הויטן יידישע וואַקסט אַלע טאָג אַרויס
עפּעס אַ נייע ציטערניש ווי אַ קרעץ,
און די נישט־זיכערהייט ווי בעת אַ שרפה ליגט אין יעדן הויז.

און ס'שניידט זיך הונגערנויט
אין יידיש הויט,
ווי קריעה נאָך אַ טויט.
און אין שטיבלעך פון בתי־תפילה
זינגט מען קדיש ווי ביי נעילה.

## אַ האַלבע שטעטל

אַ האַלבע שטעטל פון מיין שטעטל
גייט היינט אום איבערן שטעטל,
און בעטלט.
און רייסט די פּאַלעס ביי דער צווייטער העלפט:
העלפט!!!

טאַטעס קלערן שוין נישט ווי אַמאָל פון גוטע רוחים
נאָר פשוט ס׳געזינד און ס׳לעבן דערהאַלטן;
און מאַמעס קלערן שוין נישט פון קיין גליקן,
נאָר מיט אַ פשוטן ברויט כאַטש אַן אַלטן
פאַרהונגערטע קינדער דערקוויקן.

און מען זוכט שוין נישט דאָ קיין פרנסה אפילו,
ווייל דאָ גילט שוין נישט לאַנג אויך דער אַלטער „יגעת״;
מען קריכט אום איבער גאַסן ווי שאָטנס ווי שטילע,
און מען ליידט דאָ...

און מ׳קריכט אום איבער גאַסן ווי שאָטנס ווי שטילע —
ביז מען פאַלט דאָ.

## לאַכווע*)

לאַכווע, — און נאָך אַזעלכע נעמען צווישן אַנדערע פאַרגעסענע,
ווי קאַרטשן און וויאַרסטן צעיערטע,
פאַרזעסענע;
איר זענט שוין נישט מער, אָט די הילצערנע וויגן פאַרקלערטע.
פון אונזערע קינדערשע טעג,
און אויך נישט די ארונס,
ווּהין
מיר לייגן אַריין אונזערע פאַרשטאָרבענע יאָרן,
אויף צעפאַל און צעפויל אָן אַ זין...

היינט טרייבט איר פאַמעלעך פון לאַנג אונז אַוועק,
ווי ס'טרייסלען אָפּ דאַרע ווערבעס זייער לעצטן געבליט;
און די וועלכע בלייבן — זוכן שוין אַ וועג
פאַר זייערע ערשטע, נישט זיכערע טריט...

ווייל ס'האָט אונז דער עלנט פיל עלטער געמאַכט ווי די צייט,
און אויסגעלערנט האָט אונז די נויט —
דעם טעם פון ביטערקייט.

*) מיין שטעטעלע אויף פּאָלעסיע.

און ס׳גייט אונז נישט אָן שוין מער
ווער ס׳וועט נאָך אונז איבערלאָזן
אַ טרער;
אַ מאַמע אַן אַלטע ווי אַ פאַרוויאַנעטער גראָז,
צי אַ טאַטע אַ גרויער מיט פאַרבראָכענע הענט,
צי גאָר אַ פּאָר פּייכטע, ראַכיטישע ווענט...

מיר זענען סיי־ווי שוין נישט אייערע זין,
ווייל מיר ווילן נישט זיין און אויך נישט פאַרגיין אָן אַ זין...

## פרילינג יאָר ניינצן אכט־און־דרייסיק

זענען גאַסן אויפגערוימט, דערפרישט
און גראַמע,
און שמעקן אַזוי וואַרעם־זיס,
ווי פיס
פון אַ פערפומירטער דאַמע,
אויף הויכע גלאַנצעדיקע קנאַפל.
פון שויבן גלאַנצן
צענגראַשאָווע פּאָמעראַנצן
אומעטום־דורכאויס,
שוין ביליקער שיעור נישט פון ברויט (אין זעלבער גרויס),
פון קוילן און קאַרטאָפל.
ערגעץ אויף אַ גרויען ראָג
דרימלט אויף איין פוס דער טאָג
וו'א זאַטע גאַנדז,
וואָס גיט פון אָרט זיך נישט קיין ריר; —
און אין ווייסן קעפל אירן
פינטלט זיך אַ העלע זון (אין פוכנעם הימל) —
ווי אַן אויגעלע אַ שיקלדיקס,
וואָס טוט אַן עפן זיך פּאַוואָליע ווי פון דרימל
און פאַרציט זיך שנעל צוריק — — —

און אומעטום און אומעטום קלינגט קינדערישער שפּיל
און אומעטום און אומעטום לאַכט פרײדיקער אַפּריל,
ווי נאָך קײנמאָל־נישט באַגראָבן איז געווען די ערד
טיף אין דער ערד
אַרונטער ווינטערדיקן ווײ;
ווי ס׳וואָלט גאָר קײנמאָל נישט געראַנגלט זיך נאָר וואָס אַ וועלט
אין אַ פאַרצווײפלטן געפעכט
פון זון מיט וואָיענדיקער קעלט,
און ווי ס׳איז אַ מענטש נאָך קײנמאָל נישט געפאַלן
פון קאַלטע בליציקע קינזשאַלן,
ערגעץ אין דער בלויער וועלט,
ערגעץ אויף דער ווײסער ערד —
פאַר ווײסער ערד
און פאַר בלויער וועלט — — —

## נעֺא-קבצנים

שלעפּער, אביונים, קבצנים, דלפנים וכו׳ וכו׳ אָן אַשיעור,
פון לאַנד צו לאַנד, פון שטאָט צו שטאָט און פון טיר צו טיר.
ציען זיי ווי געליימטע מיט ליימיקע שטעגן
און גענײטער הונגער — ווי אַ הונט — לויפט זיי פאָרויס
אויף אַלע וועגן

און באַשמעקט די הינטערטיילן פון אַ יעדער שטאָט:
צי יידן כאָטש זי האָט
און וויפל אושאַקעס מיט מזוזות קושן זיך...

ס׳האָט מענדעלע דער זיידע,
די זיידעס זייערע אַמאָל געצייכנט מייסטערפול.
אָבער די אייניקלעך די צענערטוויזנטער פון יענער
אָרעמאַנסקער עדה,

ווער וועט קאָנען היינט אין זיי
געפינען כאָטש אַ טראָפּן שאַרזש,
אַז זייער וויי
איז דאָך גאָרנישט-נישט אין ווערטער אויסצומאָלן
און נישט אין פאַרבן צו דערציילן!

ק״ק קאַבצאַנסק איז שוין נישט מער אַ שטעטל ווו אין ליטע
נאָר אַ שם-נרדף צו אַ גאַנצער וועלט;
אַ וועלט אַ יידישע פון שלעפּער, שלעפּערינס אין פּיין גענײטע,
פאַר שרעק און בושה אויסגעשטעלט.

איז ווי־זשע נעמט מען אַזאַ שפּראַך־רײַכקייט פון אַזאַ מייסטער
צו באַשרײַבן אַט די אָרעמקייט די נייסטע,
אַט־אַזוי ווי ס׳האָט געטון אַמאָל צוריק מיט יאָרן
דער אַלטער, קלוגער, מוכר ספרים?!

ווײַל ק״ק קאַבצאַנסק איז שוין נישט מער אַ שטעטל ווו אין ליטע
נאָר אַ שם־נרדף צו אַ גאַנצער וועלט;
אַ וועלט אַ יידישע פון שלעפּער־שלעפּערינס אין פּיין געניטע,
פאַר שרעק און בושה אויסגעשטעלט.

## אַזויפיל לידער

מיט אײליקע טריט גײ איך פאַר מײן גאַס פאַרבײ,
און שעמעוודיק דערבײ,
ווי כ'וואָלט עמעצן אַ גראָבע זאַך געטון;
און אַזוי אומגעדולדיק,
ווי כ'וואָלט עמעצן זײן עפּעס שולדיק.

איך האָב אַזויפיל לידער געשריבן
פון טאָג וואָס פאַרגײט מיט פאַמעלעכע טריט,
פון דער נאַכט, וואָס ווי אַ טונקעלער וואָלקן קומט אָן,
פון מײן טאַטן אויף יענער זײט אָקעאַן
פון מײן מאַמען אין דער אַלטער פאַרבליבענער הײם
און קײן אײנע נישט
פאַר מײנע אָרעמע ברידער אינדערהײם.

אַזויפיל לידער געשריבן פון אײגענע און פרעמדע
פון נאָענטע און װײטע;
וועט מען לײענען אַ טײל גלאַט אָט פון נײגעריקײט
און די איבעריקע וועלן זיך וואַלגערן־ווו, ערגעץ שטילע,
פאַרשעמטע.

אָט יענע, אָט יענע, די וועלכע וועלן קיינעם־נישט געפעלן
זענען די פּאָר איין געשריבענע ווייזט־אויס;
אין אַלע גאַסן ווו כ׳בין אויסגעוועזן, ביי אַלע טויערן און שוועלן —
אומעטום זענט איר פון מיין זינען נישט אַרויס.

און אין די אומבאַקאַנטע מרחקים, ווו כ׳וועל זיך געפינען
(צי פאַרלוירן ווערן) —
אומעטום וועל איך זיך נישט קענען ווערן
מיט דער אָרעמקייט פון מיינע ברידער, וואָס ליגט מיר אין זינען

## ספּיריטועל...

(באַלאַדע)

נאַכט... אַלע לאָמפּן אויסגעלאָשן
אינם פּאַלאַץ-צימער.
אַלע טירן פעסט פאַרשלאָסן...
אין פאָטעלן אַן עליטע שטייף-געקליידט אין עלעגאַנץ
וואַרט געשפּאַנט אין טונקעלן שימער...
און אָט פאַלט אַ שפּינוועב-ליכט...
ס'קומען מאַגיקער אין בלויען כישוף-קרייז אַרויס
אין טאָגעס שוואַרצע ביז דער ערד,
צעלעבּרירן מיט הוועיות און מיט דוכנדיקע הענט,
רופן נעמען לאַנג שוין טויטע מיט אַ משונהדיקן לשון...
און וווּנדער איבער וווּנדער...
עס געלינגט דער עקספּערימענט... —

אָט באַוויזט זיך שוין אַ גייסט, אַ הערקוליעסדיק געשטאַלט...
ביז דער העלפט דאָס לייב אַנטבלויזט און די הויט איז בראָנז-צעגלאַנצט,
אַרום קאָפּ אַ ברוינע שלאַנג ליגט פאַרוויקלט ווי אַ קראַנץ...
און מיט מוסקלדיקע הענט געקעפּטע פרויען-קעפּ ער האַלט...
און אַ דונערדיקער קול הילכיק פאַלט אינעם סאַלאָן:
דאָס בין איך צו אייך געקומען... און מיין נאָמען איז נעראָן!...

און אָט ווידער שוין אַ גייסט, אַ געשטאַלט אין שאָטן שטייט...
אויפן קאָפּ אַ זילבער-מיץ, אַרום האַלז אַ גאָלדענע קייט...
אין די אויגן רויטער גלוט, הענט פאַרפלעקט מיט מענטשנבלוט,
און אַ שטראָפערישע שטים זיך אין גלאָקנקלאַנג צעברומט:
איר דערקענט מיך נישט — ס'בין איך דאָך דאָ,
...טאָמאַס טאָרקוועמאַדאָ!...

פלוצליג קומט אַ דריטער גייסט, אין אַ באָרד צעשויבערט ברייט...
דאָס פּנים פּיבערדיק־צעשווייסט, די בליקן מערדערלעך צעבייזט,
אויפן קאָפּ אַ גאָלדנקרוין, ווי אַ קוטשמע הויך־פאַרשפּיצט
און אַ בולאַווע אין האַנט מיט אַ בלוטנדיקער שווערד...
און אַ באַסיק־גראָבע שטים אין דער טונקלקייט צעגייט:
דאָס בין איך באַיאָרן־צאַר... איך, איוואַן דער
גרויזאַמער!...

און גייסט נאָך גייסט אַזוי שוועבט אָן, און וויזיע ווערט
פאַרקערפּערט בילד,
אַלטערטום טויכט אויף אין נאַכט, מיטלאַלטער ווערט באַנייט...
פלוצלינג פלאַטערט אויף אַ פלאַם, סנאָפּעס בלוי געשפּענסטיק־ווילד
שלענגלען אום זיך אין אַ ראַי... רויך צעשאָטן אינעם שאָטן...
און אַ דראָענדיקע שטים ווי פון טויזנט שטימען מיטאַמאָל
זיך צעוויגט ווי אין אַ כאָר, ס׳טוט אַ ציטער אַזש דער באָדן:
רופט אונז נישט אַרויסעט מער, לאָזט אונז זיין אינעם נישט־זיין,
עס וועט בעסער זיין פאַר אונז... אויך פאַר אייך וועט גלייכער זיין!...

פלוצלינג פאַלט אַראָפּ אַ בליץ...
ס׳טוט עליטע זיך אַ שטעל,
באַלד דערהערט זיך אויך אַ קוויטש...
עס ספּאַזמירט ווער אין פאָטעל...
נאָר אָט פאַלט אַ שאַרפער קלונג, שוואַרצע צויבערער אַוועק,
אַלץ פאַרשווונדן אין אילוזיע, לאָמפּן האַשען ווידער העל,
ס׳האָט סעאַנס זיך שוין געענדיקט... אָפּגעקומען נאָר מיט שרעק...

## א מ א ל . . .

(פ א ע מ ע)

I

אַמאָל, ווען כ'האָב נאָך גאָרנישט-נישט פאַרשטאַנען,
בין איך ביים טויער פון גאָטס הויז
ווי דער הגדה-תּם געשטאַנען,
און געפרעגט נאָר: „מה זאת?" — — —

האָבן פענסטער פון ישיבה-בנין פ'מיר אַ פייערדיקן קוק געטון,
ווי ר' ירוחמס קאָסע-שאַרפער אויג פון סאַמע אויבנאָן;
און דער ענטפער איז געפאַלן מיט אַ פעסטן, שניידנדיקן טאָן:
„ע ס  ל י ג ט  א י ן  ט א ָ ן!"

נאָר אין דרויסן איז געלעגן העלקייט פון די טעג ווי בלויער גלאָז,
וואָס האָט געצויגן זיך פון הינטער דעם געדימין-שלאָס
לינקס פון שאָסיי,
וואָס פירט צו האָראָדזיי,
ביז סאַמע וואַלד אַראָפּ, צווישן פרישן גראָז.
און ווידער האָט דאָס האַרץ אַ פרעג געטון „פאַרוואָס?"
און למה רייצט אַזוי דער טוי
און הלמאי עס ציט צו עפּעס „אוי-אוי-אוי..."

II

האָבן הימלען שטרענג אַ הויב געטון די ברעמען צו דער זון
מיט אַ געשריי:
פאַרגיי!
און אין דער נאַכט
מיט כּעס געטון אַ מאַך
צו לבנה און צו שטערן,
מען זאָל צורו לאָזן, נישט שטערן
דעם ריינעם זין
פון יונגע זין.
און אַ כמאַרע האָט אַ קנייטש געטון דעם שטערן
און אַ דונער האָט אַ קריץ געטון
אַ באַק־צאָן מיט אַ באַק־צאָן
און אַ בריליץ ט׳געטון אַ שטורעמווינט
געשווינד:
העי, עס איז אַ זינד,
אַנטלויפט, פאַרשווינדט!

האָט אָבער נאָך מער שטאַרק און קלאָר
די בענקשאַפט אויפגעטויכט דערנאָך
ווי שוואָמען נאָך אַ רעגן,
און אין קאָפּ
ווי אין אַ גאָרטן
האָבן נאָכמער זיך געצייטיקט
בריענדיקע פרעגן
וואָס האָבן נאָדלדיק געצופּט עפּעס, געוויייטיקט.

## III

נאָר אַז דערזען האָט
געראַנגל מיינעם גאָט —
האָט ער
ווי אַ קפּדנישער פּאָטער,
אַ פּראַל געטון אַ האַסטיקן די טיר
(אַז ס'האָט פון שרעק אַ ציטער אַזש געטון די שוועל),
און אַ בּריל געטון צו מיר:
„אָט גיי בּן־סורר וווּהין די אויגן וועלן טראָגן דיר,
גיי זוך דיין ענטפער אין דער וועלט!"

זענען יאָרן שוין פאַרביי פון דאַן
ווי אַ צען־וואַגאָנענדיקע באַן
אויף די שינעס פונעם לעבן,
אַמאָל זיך אָפּגעשטעלט פאַמעלעך אויף אַ ווילע ערגעץ־ווּ
און אָפטמאָל לענגער זיך פאַרהאַלטן, אָבער קיינמאָל נישט
פאַרבליבן:
געוואַנדערט האָב איך אומעטום און נישט געפונען אָט די רו,
נישט געגעסן צו דער זעט
און נישט דערשלאָפן אין קיין בעט
און אויך געוועזן קאַטאַרינשטשיק ביי די טויערן פון שטעט —
אַ־לאַ פּאָעט...
און דאָך,
אין האַרצן איז פאַרבליבן אַלץ דער זעלבער לאָך.
און מערער נאָך:
געזען האָב איך דאָס לעבן אויף דער ערד,
אַז ס'טויג אין דר'ערד...

## IV

איצטער, אין דער שעה אָט דער,
גייט מיין האַרץ צופוס אַוועק
מיט יענעם שלענגלדיקן וועג,
וואָס פירט פון האַראַדזיי
מיטן שאָסיי,
ביז סאַמע שטראָז אַראָפּ, ביז צו דער טיר,
וואָס האָט אַ סקריפּ געטון אַמאָל
טיף הינטער מיר
צום לעצטן מאָל;
און צו יענעם פייערדיקן קול
וואָס האָט געברענט
די שטיינערדיקע ווענט
וואָס זענען הינטער מיר פאַרבליבן דאָרט, אַמאָל...

ווייל ביסט אין מיר געוועזן גאָט, געלעבט,
ווען אפילו כ׳האָב דיר נישט געהאַט;
און אין מיר דיין אָטעם האָט געשוועבט,
ווען דער וואָרעם פונעם ספק האָט געפרעסן מיך ווי אַ בלאַט.

איך האָב אין דיין נישט־אָנהויב און נישט־סוף לסוף דערקענט,
אַז כ׳בין פון דיר אַוועק
מיט אַזאַ נישט־דערקלערטן פרעג
אין האַרץ און אינעם זינען —
ווייל כ׳האָב דיך, ווייזט אויס, גאָרנישט־נישט געקענט.
ווייל ביסט נישטאָ פאַר די, וואָס קאָנען דיך נישט זוכן
און דאָ — פאַר די, וואָס מיען זיך דיך צו געפינען...

### *גאָטישע עקזיסטענץ...*

דורך דער נישט־פאַרענדערלעכקייט
און דער נישט־ענדלעכקייט
פון רוים און צייט —
גייט זיך טערעסטער אין זיין סטאַטישן שטיק
שטייט זיך טערעסטער אין זיין סטיכישן גיין,
און וועט אַזוי דערגיין נישט־גייענדיק
צום אייגענעם אויסגיין;
און וועט גליוועדיק בלייבן שטיין
ווי פאַרגליווערטער שטיין,
און ווי לבנה,
און ווי אַן אַנדער מאַסיוויטעט,
וואָס איז טויט לויטן טויט
וואָס איז פּאַסיוויטעט,
און וואָס לעבט לויטן לעבן
פון יש, וואָס איז וועלט,
און פון וועלט וואָס איז יש און פּאָטענץ,
און פון אַלץ ביינאַנד, וואָס איז גאָטישע עקזיסטענץ...

# אַ תּפֿילה צום שאַבלאָן

אַלץ האָסטו געגאָמענט מיט דײַן נאָמען
אַלץ געצוימט מיט דײַנע רוימען,
און וואָס איז פֿאָרם אין אָטאָמען
פֿורעם אינעם זאָמען,
אויב נישט פֿאַסונג אין דײַנע צוימען ? —

און וואָס איז ריזיק און וואָס איז קלײן,
סך און וואָס איז אײן ?
און וואָס איז העלפֿאַנט, עלעקטראָן,
צלם אין עמבריאָן
אויב נישט מעכטיקער שאַבלאָן ? —

און וואָס איז ליכט און וואָס איז חושך,
וואָס יבשה און וואָס ים ?
אויב נישט גבול סינטעטישער ?
מיט רוים פּלאַנעטן זענען אַרומגעצוימט
און וואָס איז רוים ? —

און וואָס איז בילד אָן מיניאַטור,
טאָן אָן קלאַוויאַטור ?
און וואָס איז יש אָן הילע, הויט
עצם אָן קאָנטור
און לעבן אָן אַ טויט ? —

און וואָס איז אָנהויב און וואָס איז ענד —
נישט און עקוויוואַלענט ?
און וואָס איז הויך און וואָס איז טיף,
ליידיקייט און וואָס מאַסיוו
אויב נישט אומפאַנג אין דיינע בענד ? —

אַלץ האָסטו געגאָמענט מיט דיין נאָמען,
אַלץ גערוימט מיט דיינע רוימען
און געצוימט מיט דיינע צוימען ;
ווייל אַלץ איז ריגלונג מיט דיין ריגל,
ווייל אַלץ איז זיגלונג מיט דייך זיגל.

*צו מענטש און צומח.*

צום גאָרטן, וואָס איז נאָך־נישט צעטראָטן געוואָרן
זינג איך מיין ליד.
צום קרויט, וואָס ניאַנטשעט זיך נאָך אין וויקעלעך גרין,
ווי דאָס וואַקסנדיק־פרישע און יונגיטשקע קינד;
און צו נאָך־נישט צעשאָטענע יונגע קווייטן
פון זומער־טעג פאַרזייעטע אין לייב פון די בייטן;
און צום נאָך־נישט אויסגעצופּטן אוגערקע־צוויט,
דורך די פינגער די שאַרפע פון האַרבסטיקן ווינט;
און אַפילו צום ביטערן רעטעך, וואָס שטעקט איבערגעקערט
מיטן נאָז מיטן שפּיציקן טיף אין דער ערד...
און אַפילו צום גראָז צו דעם ווילדן, וואָס וואַקסט אומגעזייט
צו זון און צו רעגן מיט פאַרבאָרגענער פרייד...

און צו מענטש, וואָס נישט טויט איז
זינג איך מיין ליד,
צום אויג זיינעם קלאָרן, וואָס זעט און פאַרשטייט,
און צום האַרץ זיינעם, וואָס פילט־נאָך־וועןְ־מיט
און צום פרוכטבאַרן רעיון, וואָס צווייגט זיך און בליט;
און אַפילו צום ממזר, וואָס האָט נישט די פרייד
צו וויסן ווער האָט אים, ווער האָט אים פאַרזייט;
און אַפילו צום קלענסטן און יונגסטן בן־אדם,
וואָס ווייסט נישט פונוואַנען ער קומט — און וו ו ה י ן ער גייט...

צו מענטש און צומח זינג איך מיין ליד.
צום גרינס, וואָס נאָך לעבט און נאָך אָטעמט ווי מענטש
און צום וואַקסנדן מענטש — ווי אַ גאָרטן־געבליט...
צו מענטש און צומח — אָן דיפערענץ.

## *בעת ס׳פּעלן מיר ווערטער...*

בעת ס׳פּעלן מיר ווערטער —
וואָלט איך צוגעלייגט כאָטש שטיקער פון מיין לייב אַפילו,
צו אַרויסזאָגן די תפלה,
וואָס איך מוז צו דיר...

כ׳וויל כאָטש דיין נאָמען אויספילן —
און אַפילו מיט די רויטסטע אותיות פון בלוט,
אויב דו ווילסט;
איז ווייס איך דאָך נישט
ווי דו רופסט־זיך,
דו...

און אַפילו, ווען כ׳וואָלט וויסן —
וואָלט דאָך אויך מיין בלוט נישט געסטייעט פאַר דיר,
פאַר דיין פולן נ אָ מ ע ן....

## *כ׳וועל שאַצן היינט...*

1

— גאָט!
כ׳וועל שאַצן היינט דעם סכום פון דיינע אַנגעפּיקעוועטע וועלטן
אין דער בלויער אויסגעשפּרייטקייט,
ווי ס׳ציילן מענטשן געלט
וואָס עמיץ האָט,
אום צו פאַרגעסן אויף אַ ווײַלע
אָן דער אייגענער אָרעמקייט...

מיר זענען סיי־ווי־סיי די נישטיקסטע מטבעות פון דער סומע
צוויי מיליאַרד
דאָ אויף דער ערד,
וואָס זענען שוין פון לאַנג אַרויס פונם פאַרקער
אָן יעדן ווערט;
פאַרקערט,
מען נמאסט זיך מיט אונז אויף אַלע בערזעס פון די שטעט
ווי מיט אַן אַלטן חטא...

ווייל פון אונזער פּרצוף איז שוין אָפּגעמעקט
פון יאָרן און פון טעג
אַ יעדע מינדעסטע געשטאַלט פון דיין מלכותדיק גענאָד
אָ גאָט;
און אויך אַ יעדע שפּור
פון פורעם,
וואָס האָט ווען אָפּעשטעמפּלט אונזער זעלי׳
מיט דיין פייערדיקן צלם...

II

אין אַלץ קאָן מען אי דיין אָפענעם חותם זען — אי דיין
פאַרחתמעטקייט;
אינעם טאָג, וואָס גייט אויף איבער די וועלטן
ווי אַ דינער ווייסער וואָלקן
אין דער נאַכט, וואָס קריכט אַרויס ווי פון אַ באַהעלטעניש טונקעלן
און אויך אין דער פאַמעלעכער צווישנצייט — — —

דיין נאָמען אין די הימאַלאַיען איז אַזוי פאַראַן,
ווי אינם שטויב דעם גרויען אויף אַן אַלטן ספרים־שאַנק;
און אינעם וואַסער־טראָפן,
וואָס פאלט פון דאַך אַראָפּ —
ווי אינעם טיפסטן, ברייטסטן אָקעאַן.

און דו ביסט אין שאָטן אונטער יעדן שפּאַן
ווי אינעם ליכט פון אַ לאַמטערן אויף דער גאַס,
און אינעם ווינט ביסטו אַזוי פאַראַן
ווי אין דער שטילקייט פון אַ שפּינוועבס
אויף אַ טויבער וואַנט — — —

און אויך אין טיפסטער בלאָטע קאָן מען דיך געפינען,
ווי אויף אַן אָפּגעסערפּטן פעלד — אין דער האַרטקייט נאַקעטער;
און אינעם גיפט פון שלאַנגען און פון בינען —
ווי אין דער זיסקייט פון אַ יונגן מער
יולי־צייט — — —

און אויך אין קיינעם־נישט, אין גאָרנישט־ניט אפילו,
ביסטו אין־ און רונד־אַרום,
ווי אין אַלץ און אַלעמען — דיין אָטעם איז;
און ווייל דו ביסט אין אַלץ, אין אַלעמען, און אומעטום —
איז שווער צו וויסן: ווער, אין וואָס און ווו דו ביסט...

דעריבער האָסטו אויך קיין נאָמען נישט געניטעם, דו אַלזייטיקער גאָט,
איז רופט מען כ״ל דיך, אלוהים — ווי אַלזייטיק איינציקער אחד;
דיין געשטאַלטלאָזע געשטאַלט, פון יש און ניין פאַרבייטסטו אָפט די מאָס —
אין אַ צווישן יש און ניין — וואָס איז אַליין פאַר זיך שוין אויכעט עפּעס־וואָס...

און ווייל ביסט אומעטום: אין יאָ, אין ניין און אַפילו אין צווישן
ביסטו אין אלץ און אַלץ איז אויך אין דיר — אין איין
הארמאָנישן געקלאַנג;
אַלצאיינס צי איז עס יאָ, צי איז עס ניין, צי גאָר צווישן —
איז עס איינס,
דער אָנהויב וואָרט צי גאָר געדאַנק — צי גאָר נישט וואָרט און
נישט געדאַנק...

דו ביסט אין זיך געשלאָסן טיף — און אָפן ווי די וועלט —
און דאָך איז וועלט פאַרמאַכט פון אונז אפילו אין איר אָפנקייט,
און דאָך ביסטו צעעפנט אומעטום אין יעדן קנאָסף, ווי אין
אַלערליי געוועבן,
און דאָך איז וועלט־און־גאָט ביי אונז נאָך אַלץ די
נישט־דערקלערטע אייביקייט,
פון לעבן, וואָס פאַרענדיקט זיך אין טויט און פונם טויט,
וואָס הויבט אָן ווידער לעבן...

## ניט שטויס מיך אָפּ...

— גאָט!
נישט שטויס מיך אָפּ
ווי אַ באַל,
ווען איך פאַל,
ווי אַ תּפלה צום שטויב פון דיין טראָט;
און ווען איך דאַוון צו דיין טראָט
מיט אַ שטויביקן פאַל,
אַט אַזוי ווי אַ גלויביקער אינעם איסלאַם,
מיטן פּנים
אַראָפּצו
צום
נאַקעטן
זאַמד — — —

און נישט שטויס מיך אָפּ
ווי אַ שטיין,
וואָס ליגט־ווו אויף אַ וועג,
אויפן בלויען אַספאַלט
פון דיינע ליכטיקע טעג....

לאָז מיר זיין כאָטש אַ שטויב אויף דיין נאַקעטן זאַמד
לאָז מיר זיין כאָטש אַ שטיין אויף דיין לויטערן וועג — — —

## איז נאָך גוט..

איז נאָך גוט, וואָס אויף מאָרגנדיקער נאַכט
זענען נאָך אויך עטלעכע שטערן געבליבן,
מיט אַ שטיקל לבנה;
און ס׳איז אַ גליק נאָך,
וואָס איבעראַיאָר
ט׳מסתּמא אויכעט זיין אַ פרילינג,
ווען נישט —
וואָלט איך מיט דעם לעצטן כּסלו־בלעטל
אויך אַראָפּגעפאַלן פונעם 3־טן שטאָק,
ווו ס׳גייען אויסעט מיינע טעג
אָן טרייסט און אָן וידוי אַפילו,
און ווו די נעכט, מיינע נעכט שמעלצן אויס זיך ווי ליכט
אויף אומזיסט און אומנישט —
און אַפילו נישט
כאָטש איבער אַ פּרק משניות,
אויף די טויטע נשמות פון אַזויפיל פאַרלאָשענע שטערן
פאַר דער דאָזיקער צייט — — —

## און וויפל רייד...

און וויפל רייד נישט דערעדטע
און וויפל געבעטן נישט דערבעטע,
כ׳האָב ווי מטבעות געשאָטן
פאַר גאָט —
האָבן זיי נישט אויסגעלייזט
מיין זעל פונעם בייז,
האָבן זיי נישט אויפגעלעזט
דאָס בייז פון מיין נעסט,
און כ׳קאָן נישט צענעמען
מיינע ענגע פיר ווענט,
און כ׳קאָן נישט פאַרנעמען
דאָס בייז פון די בענד,
וואָס באַשווערט מיינע הענט —

און אַלע פראַגן, וואָס כ׳פרעג
ווערן אָפגעפרעגט
דורך אים אַצינד;
און אַלע ווענדונגען, וואָס צו אים כ׳ווענד —
ווערן דורכן ווינט
אָפגעווענדט.
און כ׳בלייב ווי כ׳בין —
אומדערהערט,
אומדערקלערט,
מיט זיין גזר־דין.

## שוּבערט.

ווייך איז זיין געזאַנג און שטיל ווי ס'איז אַ חלום,
ווי זיד־טוקנדע ווייסע קאַטשקעלעך שווימען זיינע טענער;
לירישׂ פליסט געבעט זיינער אין כּישוף פון אַ טרוים,
זוניק־בלאָנד איז זיין פּרינצעסין און פון געטינס — שענער...

עס זינגט נישט פון אים ערד, עס רוישט פון אים זאַנג,
זיין ליד איז אפשר נאָר דאָס קאָרנבלום, דאָס בלוי פון אירע בלעטער;
ער איז אינעם נישט־הי, אין עולמות פון געדאַנק,
און נישט פאַרענדיקט איז זיין בענקשאַפט, צו די, וואָס ער
פאַרגעטערט...

און פון ערגעצדיקע שטעט און פון ערגעצדיקע לענדער,
קומען זיינע טענער אָן ווי צוגפייגל אין ניסן;
דער טאָג זינגט אויס זיין שקיעה און ס'פילן אַלע לענדן,
אַז נישט מיט פינגער נאָר מיט ליפּן ט'ער געבלאָנדזשעט
אויף קלאַווישן. —

## *טשײקאָווסקי*

זײַן איבערגאַנג פֿון לוסט צו טרויער איז לאַנגזאַם און סאָליד
און סטעפּיק־טיף איז זײַן מאָטיוו ווי די טײַגעס פֿון סיביר;
און ווי די בלאָקייט פֿון דער וואָלגע פּליסט דאָס ווײַטע שטימונגסליד
און פֿאַרכלינעט זיך אין ברעגן אין די ווײַסע פֿון קלאַוויר...

עס ציטערן אין הויכן טשאַטעס וואָראַנישע אַקאָרדן
און אינעם ווײַטן עכאָ דראַפּעט זיך אַ קוואַל;
עס שפּירט זיך אין זײַן ריטם שפּילעוודיקע באָרטן
און שלעפּריק־זינגענדיקע צוגן דורך טונעלן פֿון אוראַל...

## *ב ע ר ל י אָ ז*

צווישן סמאָקינגס, פּערפֿומי, רויך און שאַמפּאַן־ווײַן,
זײַן ליד אין ברײַטן טאַנץ פֿאַרבעט סאַלאָניקן פּאַריז;
נאָר שנעל איר רויש אינטים פֿאַרגייט, די גלידער דרימלען אײַן,
אַ מענערישע האַנט איר גלעט און צערטלט אַזוי זיס...

זי חלומט נישט פֿון בלומענדופֿט פֿון קאַרשנדיקן בלי,
עס ציט זיך צו דער ערדישקייט נאַקעט ווי זי איז;
עס טוליעט זיך איר לײַב אַרום מיט אָטעמדיקן גלי.
אַ מענערישע האַנט איר גלעט און צערטלט אירע פֿיס...

## מענדעלסאָן־באַרטאָלדי.

זיין מוזיק איז האַרמאָניע פון פידל און פון פלויער
און טרויער ווי געלעכטער אין זעלבן רויש עס פליסט;
פאַראומעטיקט זיין לוסט איז און שפילעוודיק זיין טרויער
עס וועבט זיך אין איין שלמות, אין אַ גליקלעכן געמיש.

ער שפילט זיך נישט מיט ליכטער, ס׳איז זומער־נאַכט זיין טרוים,
ער וויקט נישט קיין געמיטער, אָן ווערטער איז זיין ליד;
עס שלאָגט פון אים זאַוויי  נאָר־נישט מיט אימפעטיקן שוים
און גלעטנדיק פאַרקריכט ער צום וויטסטן ציטער פון געמיט...

ווייל זיין מוזיק איז די האַרמאָניע פון טשעלאָ און טראָמפייטן,
די צאַפּלען פון אַ סטרונע אין שטילקייט זיך פאַרשלייכן;
אין אים זינגט לוסט פון פייגל און אויך לווימדיקע פלייטן,
אויף די ווינענדיקע ווערבעס ביי די בבלדיקע טייכן...

*ווערדי.*

אין זיין מוזיק איז ער אַ שטיק פונעם מזרחדיקן צאַפּל,
כאָראַלע דיסאָנאַנץ, וואָס קניפּט זיך גאָר באהבה;
אין אים זינגט אויף דער אויפגלי פון וועזוווישער לאַווע
און אָפּטמאָל אויך די רו און שיינקייט פון נעאַפּאַל.

פון ווייטע, ווייטע שלעסער, צווישן וויינענדיקן דופט,
שפּילט ערגעץ אַ האַרפע, רייט ערגעץ אַ ריטער;
נאָר פלוצלינג טוט אַ דונער, עס טראָגט־זיך־אָן געוויטער
און אינעם הייסן שטורעם צאַפּלט זיך די לופט.

*שאָפּען.*

עס וויגן זיך די טענער בענקשאַפטלעך נאָך היימאַט
און ס׳פלאַטערט זיין געמיט אין וואָלקנדיקן רוים;
אין ווייטן אָפּקלאַנג דונערט שטורעמדיקע טאַט
און ס׳כליפּעט אין זיין קאַמער יוגנטלעכער טרוים...

עס רופט צו אים „פּאַווסטאַניע״, עס רוישן אַלע וועלדער,
מען זעט אַליין בחוש ווי ס׳טראָגן זיך די פערד;
נאָר מעכטיקער דער טויט איז, עס ליגן שוין די פעלדער
פאַרזייט מיט מעלאַנכאָליע פון ווינטערדיקער ערד...

## *בעטהאָווען.*

און איבער אַלע — בעטהאָווען, דער מייסטער פון די מייסטער,
פאַרגעטערונג פון לעבנסלוסט, פון שטורעם, העגעמאָניע;
ווילד, עקשנותדיק און מיט אַן אָדלער־פלי ער רייסט זיך
צו די גייסטער,
אַ וואַסערפאַל (נאָר מיט הפסקות) — אין זיינע מעכטיקע
סימפאָניעס...

דער ים ביי אים אַ וועטקאַמף איז, פאַרמעסטונג פון מוסקולן,
די סקאַלעס שטייען גרייט מיט מאַסיווקייט פון אַ טורעם;
די פאַלעס גרייפן אָן, צוזאַמענשטויס מיט פולן
און ווידער אַזאַ שטילקייט, שטילקייט פאַר אַ שטורעם...

עס רייסט פון אים מיט זאָט, מיט דאַמפעדיקן דראַנג,
וואָס אינעם בלויען עטער — אַ וואָלקן־מאַסע ווערט;
נאָר שטיל, ווי אין אַ זומער־אָוונט מיט אַ רעגנדיק געזאַנג
פאַלט עס טראָפנווייז צוריק אַראָפּ, ווי פערל אויף דער ערד...

## ג ע ז אַ נ ג

### דזשיגלי

זיין שטים איז דורכזיכטיק־קלאָר, אַ שטים פון ריינעם גאָלד,
געגאָסן ווי דורך פורעם, געוויגן און געטאָקט;
זיין אָפּקלאַנג וואַנדלט אום אין ספערן פון בעטאָז,
באַצירט מיט שטיקער זון, מיט ליכטיקייט פון טאָג...

זיין ליד — עס שוועבט אַליין, ער טרייבט זי נישט מיט גוואַלד,
אַזוי־ווי נאָר אַ טויב ער לאָזט אַרויס זיין שטים
פליט זי אום אַליין, אַליין איבערן וואַלד,
געמאַכט אַ קרייז אַרום — און קומט צוריק צו אים...

ער זינגט — ווי גאָרנישט ער, עס זינגט גאָר אָפּט אַ קינד,
און ס'לייקנט פולער גוף זיינער, אַז ס'ווינט אַ וויאָלענטשעל;
זיין שטים איז אָפּטמאָל פול, זיין שטים איז אָפּטמאָל דין,
באַצירט מיט ריינעם גאָלד, מיט טאָגעדיקער העל...

## *Grace Moore*

לייכט, גראַציעז און צאַפּלדיק איר שטים אין רוים צערינט,
זי זינגט אויף דינסטער הויך — ווי שלאַנק עס איז איר גוף;
דאָס אויער ממש לעכערט זיך פון שאַרפקייט פון איר שטים
און ס׳גליט אַיעדער גליד, אין בליץ פון אירס אַ רוף...

עס טראָגט זי אין דער לופט מיט פליגל פון אַ ווינט,
עס קניפּט זיך איר געבעט מיט בויג פון אירע קני;
זי זינגט נישט נאָר אַליין, עס זינגט איר גוף אויך מיט,
אַ טאָן איז זי אַליין, אין שיינקייט פון איר ליד...

## *יוסף שמידט*

זיין ליד ווי געשמידט איז פון שטאָל, אַ ליד מיט אַ פעסטן געבוי,
עס האַקט אין די ווענט מיט די הענט, עס שפּאַרט מיטן קאָפּ אין סופיט;
עס שוועבט ווי אַ קלונג פון אַ גלאָק און פאַרשווינדט ערגעץ־ווו... אין דערמיט,
עס איז ענג אים אין אייגענעם צעלט, עס רייסט זיך צו וועלטישן בלוי...

עס ציט אים צו ווייטע עולמות, אַ תיקון ער זוכט און ער זוכט,
כאָטש כמורנע די לופט איז, געדיכט, דער הימל פאַרצויגן מיט רויך;
נאָר העל איז אַ טרוים ביידערנאַכט, און גוט איז כאָטש ווען אַז עס דאַכט,
סיי־ווי איז די ערד גאָרנישט ווערט דאָס געזאַנג וואָס עס גרייכט צו דער הויך...

עס שמעקט פון איר געזאַנג מיט פרילינגדיקן בלוי,
מיט בעז פון גרינעם וואַלד, מיט קלאָרן וואַסערפאַל;
עס צוויטשערט פון דערווייט, עס טרעלט אַ נאַכטיגאַל,
עס איז קיין מענטשלעך קול, עס איז גאָרנישט קיין פרוי;

אַ גלגול פון בראשית, אַ פוגלישע שטים
אַריין איז אין אַ מויל מיט פערלדיקע ציין;
נאָר בראַוואָ, גאָט, עס פּאַסט, געלונגען איז עס שיין,
דער זיווג האַרמאָנירט, עס שליסט זיך גאָר אינטים.

איז שמעקט פון איר געזאַנג מיט פרילינגדיקן בלוי,
מיט בעז פון גרינעם וואַלד, מיט קלאָרן וואַסערפאַל;
עס מונטערט איר געזאַנג, עס רעגט ווי פרישער קוואַל
און אויפן האַרצן פאַלט עס, פאַלט ווי זילבערטוי...

# ד ר י ט ט ם

## *די טענצערין פון טיען־סין*

איבער פייכטן גלאַנץ פון אירע שמאָלע, דורכזיכטיקע אויגן,
ברענען ברעמען פעכיק־שוואַרץ, בויגן ברעמען זיך ווי שלאַנגלעך;
ס'איז אַן אָנזאָג פון סאַמומען, פון אַ רגע פּאַר געראַנגל,
אָזיען קורטשעט זיך ווי אין יסורים, אָריענט קנוילט זיך
ווי אַ בויגן...

ס'ברויזט און ס'שטורעמט דער אָרקעסטער, די מוזיק ווערט
זיכער, גיכער,
אַ רגע און עס דאַכט־זיך — זי צעוויקלט זיך ווי אַ פּאָן;
נאָר פלוצלינג פאַרשווינדט זי אין געווירבל ווי אַ וויכער,
די מעלאָדיע אויך בלייבט הענגען אויף אַן איינצל־
סטרונעדיקן טאָן...

דער אָרקעסטער ווערט אַנדרימלט, ס'פייפן נאָזלעכער נאָר
שטיל פון פלייטן,
און די לאָמפן ווערן בלויער און אָט ווידער פורפור־זאַכט;
און מען זעט זי — נאָר אַ שאָטן, וועלכער טאַנצט צווישן טויטע,
לעצטן טאַנץ פון הייסע גלידער, נאַקעט־שווימענדיקן
אין דער נאַכט...

*Georg Raft*

דער מאַן פון אַלע ראַסן, דער שפּאַניער־מעקסיקאַנער
טאָרעאַדאָר,
װעמענס טאַנץ עס איז אַ קאַמף אַ ברױזנדער מיט זיך אַלײן
און װעמענס קאַמף איז װי אַ טאַנץ...
שמײכלט ער בעת זײן העפּטיקסטן גערײַנגל
און אין צערטלדיקסטן טאַנץ — פאַרבײסט ער מיט די צײן...

און װי שלאַנגען אין געראַנגל פלעכטן פיס זײַנע די טריט,
אַזױ קרײַזט ער אינעם טאַנץ, אַזױ שפּרײַזט ער װען ער שטײט;
זײן װײַסע פּאַרטנערין ער שלײדערט, טראָגט זי, קנױלט זי
װי אַ קלײד,
ביז זי ראַנגלט זיך אַרױס, נאָר ער דעריאָגט זי, רײַסט איר מיט;

רײַסט איר מיט און אױפדאָסנײ אין אַקראָבאַטישן געפלעכט,
שפּילן גלידער אױס דעם ריטם, די מוזיק פון בלוט און בײן;
און אין ליאַרעם פון טראָמפּײטן שטום פערבײסט ער
מיט די צײן
און אין שטילן טעמפּעראַמענט שלענגלען פיס זיך אין געפעכט...

## די קליינע תימנערין פון גליל

זי איז נאָך יונג און פריש און צאַפּלדיק, ווי אַ פישל פון כנרת,
ס'האָט איר אויסגעהאָדעוועט דער גליל, דאָס ווייצן־גרינס
באַצירטע לאַנד;
אירע גלידער שלייפן לידער, אין איר שפּרודלען לוסט און ערע,
רו אין האָפן שפּראָצן מונטער, אין איר קוועלט אַ יונגער בראַנד...

ס'האָט דער ריטם פונעם זייען אויסגעטאָקט אירע פיגורן
און עס דוכט זיך, אַטאָ שניידט זי, בינדט עלאַסטיש אירע גאַרבן;
ס'האָט דער ווייטער ברוינער תימן איר אין הויט פון בראָנז
געבוירן
און דער הימל פונעם גליל — אירע אויגן בלוי געפאַרבט;

טאַנצן פאַרבן אויך צוזאַמען, גיסט זיך דרום איין אין צפון
און די רויקייט פון מזרח שוועבט ווי אַ שמעטערלינג אַרום;
אירע גלידער שלייפן לידער, אין איר שפּראָצן רו און האָפן,
די גליאיקייט פון מדבר און די פרישקייט פון אַ בלום...

# א י ב ע ר ד י כ ט ו נ ג ע ן*)

*מיר פעלט דאָס גרויסע וואָרט*

(פראַגמענט פון תהלים — קל״ט)

...האָסט מיך דערקונדיקט גאָט פון אַלע זייטן.
דו ווייסט
מיין זיצן און מיין גיין,
מיין ליגן און מיין אויפשטיין,
און מיינע באַגלייטער דו פאַרשטייסט
נאָך פונדערווייטן...

מיינע שטעגן, וועגן, אומעטום צעשפּרייטסט
און ווי קערנער מיינע טריט צעזייסט.

אין מיין שפּראַך מיר פעלט דאָס גרויסע וואָרט
וואָס זאָל באַצייכענען געוני דיין אָרט
אַרום און א י ב ע ר מיר ביסטו פאַראַן,
דיין אומעטומישקייט באַגרייפט גאַרנישט מיין קליין פאַרשטאַנד.

ווו זאָל איך פון דיין גייסט אַנטרינען? —
אַז אומעטום וועסטו מיך געפינען.
— ווען כ׳זאָל זיך צווישן בערג באַהאַלטן
איז דאָך אויך דאָרט,
דיין אָרט.
ווען כ׳זאָל אין ערדשפּאַלטן
זיך טיף פאַרשטעקן —
וועסטו אויך דאָרטן מיך אַנטדעקן;
איך זאָל אויף ימען זיך פאַרטראָגן —
וועסטו אויך דאָרטן מיך דעריאָגן!
ווייל אין מיין שפּראַך מיר פעלט דאָס גרויסע וואָרט
וואָס זאָל געוני באַצייכענען דיין אָרט.

*) אויס מיין בוך „פון דער העברעישער ליריק״.

# אין פלאַם פון דער צייט

(„ברשפי הזמן נפשי שרופה" —

פון ר' משה ן' עזרא)..

אין פלאַם פון דער צייט מיין זעל ווערט געברענט
און מיט זודיק געוויין מיין געזיכט ווערט פאַררונען.
אין מיין האַרצן די פיין ט'זיך פאַרזעצט ביזן דנאָ
און ווי מיט חיהשע ציינער דאָרט פרעסט אָן אָן ענד...
מיין וואַנדערנאַכט איז אָן אַ העלן פרימאָרגן
און צו מיין וואָגל און וואַנדער קיין ענד איז נישטאָ.

ס'האָט דערווייטערט די צייט פון מיר אַלע פריינט
און געלאָזט מיר אַ מתנה פון טויזנטער זאָרגן;
ווי אַ בלימל אין וואַלד פאַרבליבן בין איך היינט
און ווי אַ רויז אַ פאַרוועלקטע צווישן דערנער פאַרבאָרגן...

## דער שטראָם און דאָס געזאַנג

(„הזרם והזרמה" — פון מיכ"ל)

עס האָט אַ וואַסער־שטראָם אַרויסגעשטראָמט פון צווישן פעלזן־ציינער
און ס׳וואַסער קוועליק איז, רוישנדיק און מונטער,
אַזש צעדערס שווענקט עס אונטער
און ריזן־שווערע שטיינער!
ווען ס׳הערט אַ וואַנדערער פון ווייטן אָט דעם דאָזיקן געריוש
פאַרוווּנדערט וואָלט ער זיך און וואָלט זיך צוגעהערט
צום רויש פון קוואַלן קוועליקע איבער בערגלדיקער ערד.
און וואָלט אוודאי נישט געוווּסט פון וואַנען ס׳קומט אַרויס...

אַזוי אויך מיין געזאַנג רוישנדיק עס קוועלט
און אורקוואַל זיינער איז אויך אַזוי פון יעדערן פאַרשטעלט.
איז דען דאָ אַ געמיט אַ פאַרוווּנדעטער, וואָס קאָן זיין ברויזן
נישט דערשפירן?
ווער קאָן איינשטילן דעם לויף פון זיינע רושיקע באַגערן?
ער דערהויבט אונז מיט זיין אָפקלאַנג צו די העכסטע
העכסטע ספערן
און ביזן סאַמע אָפגרונט ער באַגלייט אונז מיט זיין פאַלן...

## כ׳וויל ווינען גאַנץ אַליין

(„ברגעי יאוש״ — פון י. כהן)

כ׳וויל ווינען גאַנץ אַליין, מיט זיך פאַראײנזאַמט זײַן! —
פון שטאָט און גאַסן־נעץ, פון אַלע מענטשן־ווייט;
אין האַרצן מיינס דאָרט טיף פאַרגראָבן כ׳וועל מיין פּיין,
מיין לעבן דעם פאַרגאַנגענעם, מיין טרוים אין ווייטער צייט,
און זיך אָפּגעבן אינגאַנצן צום זינגען שטילן מיין....

כ׳האָב שוין גענוג דאָס לעבן, פון שאָטנס און פון ווינט,
כ׳האָב שוין גענוג די האָפענונגען, וואָס ווערן נישט דערפילט;
גליק נאָר פון אַ ווייל, פּוסטער לוסט וואָס שנעל פאַרשווינדט,
וואָס פאַראַ ווערט האָט עס פאַר מיר, פאַר מיין סובטעל געפיל,
וואָס שטרעבט גאָר אָן אַן ענד, וואָס גאַרט און זוכט אַ זין... —

ווייט פון אַלע שטראָמען, ווייט פון אַלע רוישן,
וועל איך די וועלט אַרומנעמען מיט מיינע ווייטסטע בליקן;
כ׳וועל באַזינגען מענטשנס יוגנט־צייטן, זייערע פריידיקע
אויפברויזן,
כ׳וועל באַווינען זייער אָרעמקייט, זייער שאַנד און די אומגליקן,
כ׳וועל ויינען אויף גאָטס האַרץ, וואָס האָט פון זיך זיי אָפּגעשטויסן.

און אַרויסרייסן וועט זיך מיין כוואַליעדיק געזאַנג
און וועט שטראָמען ווי אַ קוואַל, שטראָמען אָן אַ מאָס;
וועט אפשר־ווו אַ זעל פון אים אויפכאַפּן אַ קלאַנג,
און געפינען אין זיין תוך אַ טרייסט צו עפּעס וואָס
אָן ענטפער אויף אַ חלום, אַ באַשייד צו אַ פאַרלאַנג...

## *כ׳וועל דערציילן דיר נאַכט*

(„רק אח לי הלילה״ — פון י. שטיינבערג)

ביי‌טאָג האָב איך אין מענטשן געזוכט מיר אַ פריינט,
זענען זיי פאַרשלאָסן די מענטשן אין אייגענעם זיין;
און שטום איז פון טיפע יסורים די שפּראַך
און ס׳וויל קיינער נישט טרייסטן און קיינער דאָס קען נישט.
דאַן קומט־אָן די נאַכט, די שטילשווייגנדע נאַכט
און איר שטילקייט צעזייט
און איר מנוחה צעשפּרייט
איבער מיין וויסטן געמיט.

ס׳איז מיר אַ שוועסטער די נאַכט, אין מיינע איינזאַמע ליידן.
ווען גאָט האָט אַמאָל איר געפורעמט, געשליפן,
האָט ער אַריינגעטאָן אין איר אָט דעם טרויער פון צייטן,
דעם טרויער דעם גרויסן, פאַרשלאָסענעם, טיפן,
דעם טרויער פון דורות און פון נשמות פון שטומע,
פּונקט אַזוי ווי איך בין, אויף די וועגן די קרומע.

כ׳וועל דערציילן די נאַכט פון מיין האַרצן דעם וויי,
וואָס אומעטום מיך באַגלייט און מיין לעבן פאַרהילט.
נאָר כ׳באַוויז גאָרנישט קיינעם איר צערפולן בילד
און כ׳טראָג און כ׳טראָג נישט מיין אומעט צו זיי.
כ׳פאַרטיף זיך אין מיר און כ׳פאַרהיל זיך אין זיך,
ס׳איז מיר אַ שוועסטער די נאַכט, וואָס איז עלנט ווי איך...

# אינהאַלט:

## מיט זיך



## איינמיטן ימען

## צווישן גאַסן און געסלעך



## צווישן הימל און ערד

## צווישן טענער און קלאַנגען



## ריטם



## איבערדיכטונגען

צישמעטערט און צוריסען געווא
די יאפּאנעזער, האבען געהאט
פארלוסטען. דאגעגען די אמעריק
האבען ביז איצט געהאט קליינע
לוסטען.

די אמעריקאנער געהען איצט
טער אין דעם גואם־אינזעל און
האפען אינגיכען צו פארכאפּען
האפען אפרא, וואס איז דער „שלי
צו די יאפּאנעזישע פעסטונגען א
אינזעל.

די אמעריקאנער רוקען זיך
צום וויכטיגען האפען פון צווי
טען — פון דרום־זייט און פון
זייט. אמעריקאנער מארינס און
דאטען האלטען איצט אין פארנ
וויכטיגע בארג־פּאזיציעס אויף גו
טאקיא מעלדעט, אז אויפ'ן א
זיינען ארויף ארום 12 טויזענט
ריקאנער סאלדאטען צוזאמען מיט

טאנקען.
מען גלויבט אבער, אז די צאה
די געלאנדעטע אמעריקאנער איז
גרעסער. אבער אדמיראל נימי

מפט,
קענט
גרויי
עמען
אפאר

ט די
ייגס
אנעז,
די
צייט
ארען.

נט
אס